


# די בּעלאגערונג פֿון טולטשין

א היסטארישע דראמע פֿון בּאגדאן חמעלניצקי'ס
צייטען. — אין פֿינף אקטען מיט א פראלאג
פֿון נ. מינסקי. איבערזעצט פֿון רוסישען דורך
א. רייזען. פֿערלאג „קולטור“, מינסק.
פרייז 20 קאפ.

**„ДЫ БЕЛАГЕРУНГЪ ФУНЪ ТУЛЧИНЪ“,**
Т. Е. ОСАДА ТУЛЬЧИНА
Историческая драма въ 5-ти дѣйствіяхъ Н. Минскаго.
Переводъ съ русскаго А. Рейзена.

# פֿערלאַג „קולטור“.

עס זענען ערשט ארויס פֿון דרוק:

1. א נ ד ר י י ע װ: אַ רויטער גלעכטער. איבערזעצט פֿון ש. ראָזענפֿעלד, — אין 5 העפֿטען צו 5 קאָפּ.

2. נ א ר ש י ן: דאָס אַיאַסלאַרער געפֿעכט. איבערזעצט פֿון ד. קאַסעל, — פּרייז 5 קאָפּ.

3. די ח אָ ל י ע ר א און מיטלען זיך פֿון איהר צו פֿערהיטען. פֿון ד״ר פּאָפּאָװ. איבערזעצט פֿון ד״ר א. מאַרקאָװ. — פּרייז 5 קאָפּ.

4. ד י ס ו ח אָ ט ע און װי זיך פֿון איהר צו פֿערהיטען. - פּרייז 2 ק.

5. עצות פֿאר ע מ י ג ר אַ נ ט ע ן, װעלכע פֿאָהרען קיין אַמעריקא (פֿעראייניגטע שטאַאטען), פֿון א. האַרקאַװי. — פּרייז 3 קאָפּ.

6. זאַמעלבוך „קולטור“ (260 זייטען) פּרייז 50 קאָפּ.

אינהאַלט: 1. ל י ט ע ר א ר י ש ע א ב ט ײ ל ו נ ג: אַ נייע פּאָעמאַ פֿון י. ל. פ ר ץ; עס זענען קיין װאונדער געשעהען.—ערצעהלונגען, שירים, אַרטיקלען פֿון ש ל ו ם א ש, א. ר י י ז ע ן, ד. פֿ ר י ש מ א ן. איבערזעצטע בעלעטריסטיק פֿון א. ט ש ע ח אָ װ, מ א ר ק ט װ ע ן, ס ט אָ ק ט אָ ן און אַנדערע.

II. פ אָ פּ ו ל ע ר־װ י ס ע נ ש אַ פֿ ט ל י כ ע א ב ט ײ ל ו נ ג: געאָגראַפֿיש־סטאַטיסטישע איבערזיכט פֿון אַלע לענדער און פֿעלקער פֿון דער װעלט: דער שטח פֿון די מדינות, די צאָהל, נאַציאָנאַליטעט, און אמונה פֿון זייער בעפֿעלקערונג, די עמיגראַציע, די הויפּט־שטעדט און די הויפּט־פּראָדוקטען (סחורות) פֿון די לענדער. — די יודישע בעפֿעלקערונג פֿון דער גאַנצער װעלט.—די גרעסטע יודישע קהלות פֿון דער װעלט. — די יודישע בעפֿעלקערונג אין רוסלאַנד און דער יודישער „תחום“.

אַרטיקלען איבער טעכנאָלאָגיע (פּאַפּיר־פֿאַבריקאַציע מיט 11 אילוסטראַציעס) און היגיענא (װי מען פֿערהיט זיך פֿון סוכאָטע און פֿון חאָלערא).

III. פ ר אַ ק ט י ש ע א ב ט ײ ל ו נ ג: ידיעות פֿאר עמיגראַנטען.— מאָס און װאָג אין די הויפּט־לענדער פֿון דער װעלט.

די װאָס שרייבען אויס דעם „זאַמעלבוך“ ד י ר ע ק ט פֿון פֿערלאַג,
צאָהלען נ י ש ט פֿאר פּ אָ ר ט אָ.

די אדרעסע פֿון פֿערלאַג „קולטור“:

Издательство „КУЛЬТУРЪ“, г. г. Минскъ.
Verlag „KULTUR“, Minsk (Gouv.-Stadt) Russland.

# די בעלאגערונג פֿון טולטשין

א היסטארישע דראמע פֿון באגדאן חמעלניצקי'ס צייטען. — אין פֿינף אקטען מיט א פראלאג פֿון נ. מינסקי. איבערזעצט פֿון רוסישען דורך א. רייזען. פֿערלאג „קולטור", מינסק.

פרייז 20 קאפ.

## די פערזאנען:

פירשט יאנוש טשעטווערטינסקי, דער בעזיטצער פון טולטשין.

פירשטין זאיא, זיין פרוי.

מאגדוסיע.

פאן סינעלסקי.

פאן ווימאצקי.

פאן סטרוסי.

פאן זשובר.

דער גלח בעראלדוס.

א קירכען־דיענער.

סטאס באבאן.

מאקסים קריוואנאס, דער קאזאקען־אטאמאן.

פאוועל גריב.

יוריום וואינא.

מארטין ריאסא.

קאבזאר (א בעטלער—א זינגער).

רבי אהרן, דער טולטשינער רב.

יוסף דע־קאסטרא.

שרה, זיין פרוי.

טוביה.

פריצים, קאזאקען, פויערן, יודען, די פריצישע וואכט, דער הונד־אויפזעהער.

---

קאבזאר: וואָס איך הער!

ריאסא: אָט, אַ שטיינער נעכטען. מיר האָבען שוין שיער־שיער די פעסטונג נישט גענומען: חאָטש הייב־אָן שפּרינגען און קריכען אויפ׳ן וואַל. — מיט אַ מאָל האָט זיך, ווי אַ שוואַרצער וואָלקען, אַ מחנה יודען אַוואָרף געטהון אויף אונז און עס האָבען זיך גענומען שיטען שטיינער, ווי אַ שוואַרציאָהרינגער האָגעל. צוויי הונדערט קעפּ פון קאָזאַקען זענען אונטער׳ן וואַל אַנידער־געפאַלען און וואַרטען אויף אַ קבר און אַ צלם... אָט פאַר וואָס עס איז אַזוי שטיל אין לאַגער. אַלע האָבען זיך צעזייעט און צעשפּרייט. ווער ס׳איז פערוואונ־דעט, ווער ס׳איז פערמאַטערט. און ער אַליין — דער ליעבהאַרציגער, שלאָפט שוין דעם אַנדער מעת־לעת. ער חאַפּט זיך אויף, מאַכט אַ כּוסה און ווערד ווידער אַנשלאָפען...

קאבזאר: אָט וועט דאָס אַביסעל זיך פער׳חדוש׳ן דער באַיטקאָ[1]) פּאלאוויאן. ווען איך וועל איהם זאָגען: „איך האָב קרייוואָנאָס׳ען געפונען, איך האָב איהם איבערגעגעבען דיין בריעף מיט דיין בקשה, ער וואָלט דיר געוויס וועלען העלפען פון יערעמען, איז ער אָבער אַליין שטאַרק פערנומען, מיט די זשידעס, פערשטעהסטו, האַלט ער מלחמה״... נו־נו! וועט דאָס אביסעל אַ געלעכטער ווערען!... מ׳וועט זאָגען: ער לייגט, דער אַלטער.

(אונטער דער סצענע הערען זיך געשרייען: „ציגגען! ציגגען! צום באַיטקאָ!״ אַלע שפּרינגען אויף פון די ערטער. צוויי קאָזאַקען פיהרען־אַריין דעם פּאַן וויסאָצקי׳ן און טוביה׳ן, געבונדענע פאַר די הענד, זיי געהט נאָך אַ מחנה).

שטימען: נאָכ׳ן באַיטקאָ! געשווינד! גריב, לויף נאָכ׳ן באַיטקאָ!

ריאסא: דיין קומען, אַלטער, איז געווען פאַר אונז מזל׳דיג: אָהן די ציגגען וואָלטען מיר געטאַפּט די ווענד.

---

## צווייטער אויפטריט.

(די זעלבע און קרייוואָנאָס).

קריוואנאס (געהט אַרויס פון פּאלאטקע): אַ דאַנק אייך, קינדער; האָט איהר זיי געפאַקט?

---

[1]) באַיטקאָ (פאָטער) — אַזוי רופען די קאָזאַקען זייער אַטאמאַן.

דער ערשטער קאזאק: מיר זענען געווען אין פֿעלד. מיט אַמאָל בעמערק איך, ווי עמיצער, ניט אַנדערש, שאַרכעט צווישען דער תבואה. מיר לאָזען זיך נעהנטער, האָבען מיר טאַקי אינ׳ם קאָרן גע־האַפּט די בריה׳ס. דער טייוועל האָט זיי פֿון פֿעסטונג געבראַכט.

דער צווייטער קאזאק: מיר האָבען זיי גלייך פֿון קאָפּ ביז די פיס אַרומגעזוכט: ניטא גאָר נישט!

יוריום: אַ חידוש! אַ יוד זאָל קומען גאָר ליידיג.

קאַבזאר: איז געלאָפֿען זשיד אַברם,
האָט פֿערלאָרען ער זיין קראם:
נאָדלען, שפּילקעס, צוקער, טהיי
און די יארמולקע, אוי ווער! (מען לאַכט).

קריוואנאס: פּויקט טרעוואגע! (גריב פּויקט אין די ליטאַווערס, פֿון אומעדום קומען זיך צונויף קאָזאַקען) ענדליך וועלען מיר פֿאַרט דער־נעהן, וואָס פֿאַר אַ מין טייוועל האָט זיך דאָרט בעזעצט און ווי אַזוי האָבען די יודען פֿון העלער הויט אָנגעהויבען מלחמה צוהאַלטען.

ריאַסא: אַלע זענען שוין דאָ. —

קריוואנאס: הער אויס, „ליאַך און דו יודלינג! איך דאַרף נאָר אַ פּיפּס טהון וועט מען גלייך פֿון אייך די הויט אָבשינדען און מען וועט אייך אָבשיקען טאַנצענדיג צום טייוועל אין די צייהן. נאָר אויב אָבער איהר וועט זיין טריי די קאָזאַקען וועט מען אייך שוינען. איצט זאָלט איהר מיר געבען ענטפֿער, אָבער זיך נישט דערוועגען צו זאָגען ליגען, פֿאַר אַ ליגען וועל איך אייך די צונג אַרויסרייסען. וואוהין האָט אייך דער שוואַרציאָהר נעטראגען?

יוריום: זעה, בייביידען איז פֿאַר שרעק די נשמה אין די פּיאַטעס פֿערקראָכען. דער ליאַך איז נאָך בלייכער פֿונ׳ם יוד...

טוביה: איך בין נעגאַנגען קיין בראצלאוו, אויף נאמנות, פּריצ׳ל, אַן אמת, איך בין געגאַנגען קיין בראצלאוו.

קריוואנאס: נאָך וואָס?

טוביה: דאָרט וואָהנט מיין ברודער... תנחום. ער איז אַ שמש אין בית־מדרש און אַ היהנער־העגדלער (דער עולם לאַכט).

קריוואנאס: (ווענדט זיך צו פאַן וויסאָצקי'ן) און דו האָסט אויך אין בראצלאַוו אַ ברודער? — פייער!

וויסאצקי: (נייגט זיך ביז צו דער ערד) גנעאַכפּערטער פאַן! ווי איך האָב דיר נאָר דערציילט האָב איך גלייך פערשטאַנען: דאָס איז נישט אַבי־ווער אַ קאָזאַק, נאָר אַ העלד, אַן איידעלער מענש, א וואה־לער ריטער. איך שווער דיר, ווי איך בין אַ שליאַכטיטש, אַז איך וועל דיר דערצעהלען דעם אמת, זאָלסט נור בעפעהלען, מען זאָל מיר די הענד בעפרייען, און גיעב דאָס וואָרט, אַז פאַר אַ אויסקויף וועסטו מיך אָבלאַזען.

קריוואנאס: אַ, דו ניעדערטרעכטיגער גנב! דו ביסט אַהער געקומען פיינען זיך! איך שווער דיר, אַז איך וועל דיר דיינע אויהרען און די נאָז אָבשניידען, איך שווער דיר, כלב איינער, פאַר די הינד צו וואַרפען. וואוהין ביזטו געגאַנגען?

וויסאצקי: איך וועל געבען אַ גוטען אויסקויף, אַ רייכען... איך בין, פערשטעהסטו מיך, וויסאָצקי! האָסט געהערט...

קריוואנאס: אַ שאלה צו געהערט! אַזוינע הינד זענען געוועג פאַרהאַן... וואוהין ביזטו געגאַנגען? (מען ברענגט פייער).

וויסאצקי: וויסאָצקי וועט קיין ליגען ניט זאָגען. געגאַנגען זענען מיר קיין נעמיראוו... אַזוי האָבען די יודלעך בעשלאָסען...

טוביה: (שלאָגט איהם איבער) אוי, אוי, ס'אַ ליגען! די פריצים אַליין האָבען בעשלאָסען צו בעטען הילף ביי ווישנעוועצקי'ן.

קריוואנאס: (האפּט ארויס די שווערד) וואָס?! ליאַך איינער! דו ביזט צו יערעמאַן געגאַנגען?! אָט נאַ דיר! (ער וואַרפט זיך אַרויף אויף וויסאָצקי'ן, ריאַסא, גריב און אַנדערע האַלטען איהם קוים איין).

ריאַסא: לאָזט פריהער איהם הוקר־יודוריש זיין.

וויסאצקי: ער זאָגט ליגען, דער ניעדערטרעכטיגער זשיד! איך בין ניט וועלענדיגערהייט צום פירשט געגאַנגען. מיר האָבען דעם פירשט ניט ליעב... דאָס האָבען די יודען צו איהם געשיקט.

טוביה: סטייטש — דו האָסט דאָך אַליין...

וויסאצקי: איך בין אַלע מאָל געוועזען דעם פירשט'ס אַ געגנער... אויף דעם סיים.

טוביה: ס'איז דאָך דיין עצה געוועזען...

וויסאצקי: דער פאַרך זאָגט ליעגען.

טוביה: מײַנע האַ־עֶן! גאָט איז אַן ערות.

יוריום: מען האָט זיי נאָך אַ הונד געראַ־פּט געבען פֿאַ־אַ חבר!

אַ הונד. אַ ייד און אַ ליאַך

איז די אמונה אַלץ איין זאַך.

ריאסא: הער אויס, ליאַך! פֿון גאָר ניט לאַנג אָן האָבען די יודען אָנגעהייבען אַרויס צו טרעטען קעגען אונז אויף די ווענד. זאָל דאָס טאַקע זיין אַן אמת. אַז די יודען האַלטען עס מיט אונז מלחמה, אָדער דאָס האָט זיך דער שטן פֿאַר יודען פֿארשטעלט? וואָס, ליאַך איינער, שווייגסטו?

ווישאַצקי: די יודען שיעסען טאַקע מיט אַן אמת.

ריאסא: אָט זענען נסים! און אַייערע זענען דאָ אַ סך אונטער'ן וואַל?

ווישאַצקי: פּריצים האָבען זיך אין טולטשין פֿערזאַמעלט אַ פּאָר צעהנדליג, ביי זיי געפֿינט זיך אַ וואַכט ביז הונדערט מאַן. אָבער ביין פּירשט אַליין געפֿינען זיך אַ פֿיער הונדערט מאַן פֿון הויפֿינער וואַכט.

קריוואנאס: הייסט עס אַ־ום און אַ־ום פֿינף הונדערט, נו, און יודען?

ווישאַצקי: יודען זענען דאָרט אין גאַנצען זעקס טויזענד, בעוואָפֿענטע אָבער — צוויי טויזענד.

טוביה: דריטהאַלבען.

קריוואנאס: הונד איינער! ווער האָט זיי אָבער געגעבען אַזוי פֿיעל געווער?

ווישאַצקי: דער טולטשינער מושל, פּירשט יאַנוש טשעטווערטינסקי!

קריוואנאס: הייסט עס, דער ליאַך מיט'ן יודען זענען פֿון היינט אַן גוטע פֿריינד געוואָרען, אַ אונגלויבינער מיט אַן אונבריסט האָבען ברידערשאַפֿט געשלאָסען?!... אַמאָליגע צייטען פֿלעגט אַ פּוילישער פּאַן פֿערדינגען אַ יודען די קרעטשמע, די ערד מיט די מענשען און די הייליגע קירכע: נאַ, געוועלטיג, זשיד, ראַבעווע, מוטשע און דריק־צו. אַבי־נאָר עס זאָל זיין רענדליך אויף מאַכען מאָהלצייטען, אָבער מיט'ן יודען אַליין האָט זיך דער פּאַן אָפּען געמיאוסט; מיט

איהם צוזאַמען פלעגט ער קיינמאָל נישט זיצען, צוזאַמען נישט געטרונ־קען און ווער רעדט צוזאַכען מלחמה דאַלטען — אַוודאי און אַוודאי נישט! און היינטיגע צייטען לערענט אַ פּוילישער פירשט די יודען, זיי זאָלען קענען שיעסען...

ווימאצקי: נישט דער פירשט לערענט זיי, נאָר זייער רב.

קריוואנאם: דער רב! אָט דער דויקער דער אַלטער?

ווימאצקי: ניין — אַ יונגער. ער איז ניט קיין היגער. ער איז געקומען צו פאָהרען פון ווייטע מדינות, מען רופט איהם דער־קאַסטראָ, ער איז נאָר ניט גלייך צו די היגע, וואָלסט זעהן, ווי אַזוי ער רייט אויפ'ן פערד, היינט וואָס פאַר אַ בריה ער איז אין מלחמה־זאַכען! אין פינף טעג האָט ער נעבען טויער אַ טהורם אויסגעבויעט. ממש נסים! די יודען האָט ער פאַנאַנדער־געטהיילט אויף וואַכט־מחנות.

קריוואנאם: האָבען זיי נאָך ברויט?

טוביה: אויף אַ חודש וועט נאָך קלעקען פאַר אַלעמען.

קריוואנאם: ליאַך, איז דאָס אמת?

ווימאצקי: גאַנץ מעגליך. די פריצים האָבען נישט ווייניג ברויט מיט זיך געבראַכט צו פיהרען.

קריוואנאם: גענוג. פיהרט זיי אַוועק.

ווימאצקי: פאַן־אַטאַמאַן --

קריוואנאם: נעהמט זיי צו! (ווימאָצקין און טוביה'ן פיהרט מען אַוועק).

---

## דריטער אויפטריט.

(די זעלבע אָהן ווימאָצקין און טוביה'ן).

קריוואנאם: מיינע העררען, -- מיר דאַכט זיך, אַז מיר וועלען ניט בייקומען אָט דעם פערשאָלטענעם טולטשין. אפשר וואָלט גלייכער געווען, מיר זאָלען זיך גאָר אָבטראָגען פון דאַנען און זיך לאָזען צום באַיטקאָ פאַלאָוויאַן, פריבען זיך אַביסעל מיט יערעמע'ס מחנות? (אַשטיל־שווייגען).

גריב: די מעשה איז אַזוי; וואָס זענען מיר אין דער אמת'ן שטעקען געבליבען אונטער טולטשין? זענען די יודען דען אויסגעגאַנגען

אין אוקראינע? אָדער וועניג פּריצים זענען דאָ אין בראָצלאַווטשינא? אָדער אַ טולטשינער יוד איז געשמאַקער פֿאַר אַ יודען פֿון ערגעץ־אַנדערש?

שטימען: אַט האָט ער אַ מאכל געפֿונען! — יודען, אַז מען שלאָגט זיי, זענען שטענדיג געשמאַק.

ריאסא: און מיין עצה איז, מיינע הערען, מען זאָל ניט אַוועקגעהן. די יודען האָבען ביז היינט קיין געוועהר ניט גענומען; אַז מיר וועלען אָבטרעטען וועלען זיי זיך צונויפֿנעהמען מיט די פּאָליאַקען, און יודען זענען אין אוקראינע דאָ אָהן אַ שיעור. אַז מיר וועלען אָבער זיי דאָ אויס שעכטען ביז איינעם, אַז קיין זכר זאָל פֿון זיי ניט בלייבען, וועט ביי די איבעריגע פֿערלוירען געהן דער חשק מלחמה צו האַלטען.

(אַן אַלגעמיינער גערודער).

שטימען: שוין פֿינף טעג, אַז מיר האָבען אַביסעל בראָנפֿען ניט געזעהן. — ביי זיי וועט דאָס ברויט באַלד אויסגעהן. מען דאַרף וואַרטען. — דו וואַרט ביז וואַנען עס וועלען אין פּ ע ט ע ר פֿערפֿרוירען ווערען די טייכען.— ביז וואַנען אין וו אַ ס י ל וועלען די יאַגדעס צייטיג ווערען. — ווער עס וויל, זאָל וואַרטען. מיר וועלען געהן! — מיט וועמען איז דער באַיטקאָ? — שדים!

(דער גערודער ווערט שטאַרקער).

קאבזאר: קאָזאַקען! קינדער! חברים! לאָזט מיך אַ וואָרט רעדען!

שטימען: שווייגט. — גענוג צו הוקען! — דער אַלטער וויל רעדען!

(דער גערודער ווערט ביסלעכווייז שטילער)

קאבזאר: ווילט איהר דען קינדער שוין איינעמען די פֿעסטונג און קומען צו הילף די ברידער?

ריאסא: איך וואָלט אַ בעלן געווען עסען דאַלושקעס האָטש מיט שמאַליץ, וואו נעמט מען אָבער די האַלושקעס?

קאבזאר: ס'איז דאָ האַלושקעס און שמאַליץ צו זיי איז אויך פֿערהאַן, ניט אומזיסט לעב איך שוין דעם אַכטען צעהנדליג יאָהר. האָטש איך בין בלינד, אָבער וואָס עס איז פֿערשטעה איך. גלויבט מיר, ברידער, דער פּאָליאַק מיט'ן יודען וועלען זיך נישט לאַנג חבר'ן, נאָר די נויט האָט זיי צוזאַמענגעקניפּט. די נויט וועט נישט נור מיט

אַ יודען, נאָר מיט׳ן שוואַרץ־יאָהר אַליין פריינדשאַפט שליעסען, איהר האָט געזעהן זייער פריינדשאַפט. איצט, קינדער, האָט אונז נאָך אַליין צוגעשיקט אַ מיטעל ווי אַזוי צו שיידען זיי. שיקט אַריבער אין פעסטונג דעם געפאַנגענעם ליאַך און זייט מודיע דורך איהם אַלע ליאַכען דאָרטען, אַז נישט מיט זיי מלחמה האַלטען זענט איהר געקומען, נאָר מיט די יודען, מיט די אונ־כריסטען, אַז ווי נור איהר בעקומט די יודען, טרעט איהר אָב, וועט איהר זעהן, קינדער, ווי אין אַ טאָג אַרום איז די פעסטונג אָפען, פיהער די יודען, נאָכדעם וועט איהר די פאָליאַקען אויסהאַנג׳ען, און דאַמאָלס וועט איהר זיך גלייך לאָזען אין וועג, געהן העלפען די חברים.

קריוואנאס (נאָך אַפויזע): קום אַהער, אַלטער־לעבען, איך וועל דיך אַרומנעהמען. ווי אַזוי דאָס וועט אַלץ אַרוים קומען קען איך ניט וויסען. איך פיהל אָבער, אַז ניט לאַנג וועט זיך די פעסטונג האַלטען, דו קלויב זיך צו צוריק צו פּאָלאָוויאַנען. זאָל ער זיך נאָך האַלטען, מיר וועלען גיך קומען צו פליהען. נו, ברענגט אַהער געשווינד דעם יודען מיט דעם ליאַך!

שטימען: אָרעם אויפ׳ן קוק און רעדט אַזוי קלוג, —
אין זיין טאָרבע, זיין זאַק — ליעגט שכל אַ פּאַק.
(מען פיהערט אַריין דעם פאַן וויסאָצקי׳ן און טוביה׳ן)

---

## פיערטער אויפטריט.

(די זעלבע, וויסאָצקי און טוביה)

וויסאצקי (ביקענדיג זיך ביז צו דער ערד): דער געאַכפערטער פאַן האָט מיר צוגעזאָגט צו שוינען, איך האָב דיר אַלין ענטפלעקט, וואָס אויפ׳ן האַרצען! וועט דען אַזאַ גרויסער עדעלער ריטער ניט האַלטען קיין וואָרט? דעם רייכסטען אויסקויף וועסטו בעקומען.

קריוואנאס: אַהער קום, דו גרויסער פאַן! ווער האָט דעם פאַן געוואַנט צו בינדען, היי, בינדט איהם אָב, גיכער! זיי ביי אונז אַ גאַסט, צו וואָס זאָל מען גלאַט זיך מאַכען נאַריש? ביזט דאָך פאַ־ט אַ געטויפטער, נישט קיין אונכריסט...

וויסאצקי (דרעהט די וואָנסע מיט דער בעפרייעטער האַנד): אויף

מיין האָנאָר־וואָרט, דער פּאַן רעדט מיט פֿערשטאַנד. איך מיין, דו ביסט שוין דערגאַנגען וועד אַזוינס איך בין.

קריוואנאס: ווי דען? ווער האָט עס ניט געהערט פֿון די שררות וויסאָצקעס?

וויסאצקי: איך שווער מיט דעם הערב, אַז אונזער יחוס איז נישט אַבי־וועלכער, מיט די פֿאַמיליען קאָנאַצפאָלסקי׳ס און פּאָטאָצקי׳ס האָבען מיר עפּעס אַ שייכות; מיין זיידע איז געווען דער זשיטאָמירער פּאָד־סטאַראָסטאַ!

קריוואנאס: איך ווייס דאָס אַליך, מיין הערר. זעץ זיך צו. אפשר ווּעסטו מיט אינז טרינקען אַ גלעזעל בראָנפּען?

וויסאצקי: אויף מיין האנאר־וואָרט, איך וועל טרינקען, עס זענען דאָ אַפּילו אַסך פּריצים, וואָס וועלען מיט אַ פּויער קיינמאָל נישט נעהמען טרינקען, איך בין אָבער נישט אַזאַ בעל גאַוה, סיי אַ פּאַן, סיי אַ פּויער — ביי מיר זענען אַלע מענשען.

קריוואנאס: דו וואָלסט עס פֿריהער געזאָגט, וואָלטען מיר גלייך פֿאַר איין גוט וואָרט קוויט געוואָרען.

וויסאצקי: איהר זענט אַ מענש מיט שכל. (הייבט אויף דעם כּוס) איך טרינק פֿאַר שלום און פֿריעדען אין פּוילען, איך ראַטה אייך, קינדער, איהר זאָלט שטאַרק געהאָרזאם זיין אייערע פּריצים, זיי זאָרגען אַליין פֿאַר אייך.

קריוואנאס (צו זיך): ס׳אַ מין הונד! (אויפ׳ן קול) אייך צו פֿאָלגען זענען מיר גרייט, די יודען אָבער. פֿערשטעהסטו, קענען מיר נישט ליידען, אָט איצטער אַ שטייגער, זענען מיר געקומען אַהער אונטער טולטשין נאָר כּדי צו פֿערנעהמען די יודען, די שונאים פֿון כריסטוס. ניט אַזוי?

שטימען: אַזוי, באַטקאָ, אַזוי. די פּאָליאַקען שטערען אונז ניט.

וויסאצקי: די יודען? איך וועל זיי אייך האָטש מאָרגען ביז איינעם אַרויסגעבען.

קריוואנאס: ווי אַזוי קאָנסטו זיי אַרויסגעבען?

וויסאצקי: דו לאָז מיך נאָר צוריק־קעהרען אין פֿעסטונג. מיר, פֿערשטעהסטו, האָבען געמיינט, אַז איהר בונטעוועט זיך קענען די פּריצים.

קריוואנאס: איהר זענט אין איין בונד מיט די יורען, איהר זענט זייער צד.

וויסאצקי: לאזט אונז צו רוה מיט אזא מין בונד. עס איז א חרפה פאר לייטען און א זינד פאר גאט.

קריוואנאס: זאל זיין ווי דער פאן פערלאנגט.

טוביה: (גנבה'ט זיך אונטער צו וויסאצקען און פאלט אויף די קניהען) פריצ'ל — זיי נארען דיך, דערמאהן זיך...

קריוואנאס (האפט איהם פאר'ן גארגעל): שווייג! פערפלוכטער יוד! א ניט וועל איך דיך אויף שטיקליך צושניידען.

טוביה (רייסט זיך ארויס): דערמאהן זיך:

א הונד, א יוד און א ליאך....

קריוואנאס (חאפט איהם ווידער פאר'ן גארגעל): הער צו פאן! ווי דו וועסט קומען קיין טולטשין, זאג דארט „דייניגע" אז מען האט אייךביידען געפאנגען, אז דו ביסט געווען ביי אונז זעהר א אנגעלעג־טער גאסט און אז דעם יורען... עה, נעמט איהם — הענגט איהם אויף! (מען חאפט טוביה'ן און מען פיהרט איהם אוועק) היינט ביזטו נאך אונזער גאסט און ביי נאכט — וועסטו שוין אין פעסטונג זיין. געהן וועט מיט דיר איינער פון אונזערע, יוריוס. דו ביזט א וואהלגעלערנטער, ווייסטו ווי אזוי מען בענעהט זיך מיט פריצים. וועסט וועלען געהן מיט'ן פאן?

יוריוס: פאר וואס נישט? איך וועל געהן.

ריאסא: נאר זעה, פערליעב זיך נור דארט נישט אין א קליידעל. דו ביזט שוין פון אזא מין...

וויסאצקי: א, ס'איז א שעהנער יונגערמאן. די יונגע פירשטין קען זיך נאך אין דיר דארט מיט אמאל פערליעבען, וועט זי האבען נאך א הוספה צו איהר אלטען מאן... זי האט פיינט איבערצוקלויבען...

קריוואנאס: ניט טרייב קיין שפאס.

יוריוס: האב, באטקא, קיין מורא ניט.

קריוואנאס (צו דעם קאבזאר): זינגט אונז עפעס, אלטער, שפיעל אונז אויף א טענציל, ברענגט לכבוד דער שמחה א פאס וויין. הוליע, קאזאצקע נשמה'לע, הוליע, וויפיעל דו ווילסט נור אליין —

קאבזאר (זינגט):

אוי. זענען די יודען קיין סלוטשי ענטלאָפֿען
האָט זיי דאָרטען אַן אונגליק געטראָפֿען.
זענען די יודען ענטלאָפֿען קיין פרוט
איז זיי דאָרטען אויך ניט גוט.
האָפּ, האָפּ, האָפּ טרעפּאַק,
דעריזעהן האָט איציק אַ קאָזאַק.
וואַרפֿט זיך אום זיין בויך פֿאַר שרעק,
הייבט די פּאָלעס און לויפֿט אַוועק...
(אַ גרויס געלעכטער. אַלע בעוועגען זיך. פֿאָרהאנג).

---

# ערשטער אקט.

## ערשטעס בילד.

(אַ בית־מדרש, אין דער מיט אַ גרויסער טיש. רעכטס דער אָרון־קודש, איבערגעדעקט מיט אַ פרוכת; ביי'ן ארון־קודש דער עמוד, לינקס — די טהיר. יוסף דע־קאסטרא, אין אַ שפּאַנישען אַנצוג איז ארומגערינגעלט פֿון אַ גרופּע יודען, אַביסעל ווייטער זיצט דער רב ר' אהרן און האַלט פֿאַר זיך אַ גמרא).

### ערשטער אויפֿטריט.

**קאסטרא:** סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט טהו איך און קלער: ווי אַזוי דערבויט מען וואָס גיכער דעם טהורם, איידער נאָך דער שונא וועט פֿאָרנעהמען אַ נייעס אָנפֿאַל. די בויערען קומען זיך צונויף פֿון די אַרומיגע דערפֿער און וואָס אַ טאָג, וואָס אַ טאָג וואַקסט אַלץ זייער צאָהל. בכן, מיינע פֿריינד, לאמיר זיך נעהמען מיט די לעצטע כוחות! זאַמעלט אויף די וואַכט אין פֿיה־ט זי צום פֿעסטונג.

**דער רב ר' אהרן:** אום שבת?

**קאסטרא:** מיר טאָרען נישט רוהען. אונזער גאַנצער גורל הענגט איצט אָב אָן דעם דאָזיגען טהורם.

**ר' אהרן:** אום שבת! אָך־אָך! איך האָב טאַקי געזאָגט, אַז די גאַנצע מלחמה'שאַפֿט וועט צו גוטס ניט ברענגען. איז דען אַ יודישע זאַך מלחמות צו פֿיהרען? זאָגט אַליין — מיט וועמען? מיט פּויערען? ניין, מיט גאָט, וואָס האָט זיי אויף אונז אָנגעשיקט פֿאַר אונזערע זינד.

קאסטרא: הער־אויף, רבי! אומזיסט ווילסטו זיי אָבהענדיג מאַכען, ס׳איז שוין אַוועק די צייט, זיי זענען ניט די אַמאָליגע! זייער גייסט האָט אויפגעבליהט, ווי אים פריהלינג דאָס געוויכס! נאָר דו אַליין, ווי אַ פוילער צווייג, צווישען די יונגע פרישע בלעטלעך, שלאָפסט! נאָר דו אַליין האָסט זיך ניט אומגעביטען.

ר׳ אהרן: דו נאַר! גיכער וועט זיך די ערד אין גאַנצען איבער־קעהרען, איידער דאָס פאָלק ישראל וועט זיך האָטש אין עפּעס אומבייטען.

קאסטרא: ער האָט זיך שוין אומגעביטען — דאָ אין טולטשין. דאָס פאָלק וואָס איז נעכטען נאָך געווען ווי אַ שטיל, ציטריג שעפעלע, וואָס האָט געדיענט אַלס ביישפיעל פון געפאלענהייט און דערשראָקענ־הייט, איז היינט ערוואכט געוואָרען, אין זיין זעעלע האָט ער דעם אַלטען מוטה געפונען, אויף דער ערד — חברים, אַ פאַטערלאַנד.

ר׳ אהרן (אָנווייזענדיג אויפ׳ן ספר): אָט איז אונזער פאָטערלאַנד, דאָס קאָן קיינער ביי אונז נישט אָבנעמען: אויף אויסוועניג קענען מיר אונזער פאַטע־לאַנד.

קאסטרא: דאָס פאַטערלאַנד פון גייסט, אָבער נישט פון קערפער. איבריגענס קענסטו זיך פשט׳לען, מיר אָבער וועלען זיך פערטהיידיגען.

ר׳ אהרן (צו דער עדה): אוי קינדער, דער אויסלענדער וועט אייך אונגליקליך מאַכען, ער איז אונז פרעמד, ער ווייסט ניט, אַז אונז שיצט פון איביג אָן אונזער שוצלאָזינקייט. און אַז מיר זאָלען אַ העזה האָבען צו שיצען זיך, וואָלט פון אונז שוין לאַנג קיין שריד־ופליט ניט געבליבען.

קאסטרא: דאָס רעדסטו נור אַזוי דע־פאַר, ווייל אויף דיר לאַסטען גאַנצע דורות פון שלעק, פרעניות, גרויזאַמע אונגליקען און ביטערער שפאָט. ניין, ס׳איז הונדערט מאָל בעסער צו שטאַרבען, איידער צו לעבען אַזוי, ווי איהר האָט ביז אַהער זיך דורכגעפּלאָנט, מיט דעם זעלבען פּחד פאַר׳ן לעבען, ווי פאַר׳ן טוידט; דערמיט האָט איהר נאָר אַריינגעגעבען אייערע שונאים אַ געפיהל פון עקעל צו אייך, און אייע־ע פריינד — אַ געפיהל פון שרעק און פערצווייפלונג. איהר האָט פער־לוירען דאָס עהרע־געפיהל, די ליידענשאַפט און די פערלאַנגען נאָר איין

פֿערלאַנג איז אײך געבליעבען: ציהען וואָס לענגער דאָס פֿערהאַסט און פֿעראַכטעט לעבען.

ר׳ אהרן: דו קענסט נאָר דערפֿאַר אַזוי רעדען, ווייל דו ביזט געבוירען געוואָרען ניט קיין יוד. (אַלע בלייבען איבערראַשט)

שטימען: ניט קיין יוד! דער רב האָט אַליין געזאָגט! ער וועט ניט זאָגען קיין ליגען! איז דאָס מעגליך?

קאסטרא: יאָ, ער האָט געזאָגט אַן אמת. איך אַליין האָב איהם דעם דאָזיגען אמת פֿערטרויט, איצטער וואַרפֿט ער מיר דערמיט פֿאָר! זאָגט אַליין, האָב איך דעם פֿארוואורף פֿערדיענט?

שטימען: וואָס הייסט ניט קיין יוד! ווער האָט עס געקענט גאָר קלערען? שטיל!

קאסטרא: איך האָב מיך שוין לאַנג געקליעבען אײך בעקאַנט מאַכען, וועגען מיין וואונדערליכען מזל. איך בין געבוירען ווייט פֿון דאַנען, אין ליסאַבאָן, מיין מוטער געדענק איך ניט, איך געדענק נור מיין פֿאָטער — ער איז געוועזען אַ שטאָלצער גראַנד. אין אַ קלויסטער פֿון די טריעבע דאָמיניקאַנער האָב איך די ערשטע טעג פֿון מיין לעבען פֿערבראַכט. אז איך בין אַ עלטער יונגעל געוואָרען, בין איך אָנגעקומען אין פֿאָטערס הויז, וועלכעס איז געוועזען אַזוי טריעב און אַזוי גרויס ווי דער קלויסטער... מיין פֿאָטער האָט מיך געוואָלט מאַכען פֿאַר אַ מאָנאך. אין מיין ברוסט האָט אָבער דאָס בלוט, ווי אַ לאַווע געקאָכט, איך האָב געפֿאַנטאַזירט וועגען דעם ים, אין מיינע אויהרען האָט געקלינגען דער גערויש פֿון שלאַכט-פֿעלד, איך האָב געטרוימט פֿון סערענאַדען-ליעדער. מיין פֿאָטער איז באַלד געשטאָרבען; איך האָב תיכף צונויפֿגענומען אַ מחנה און האָב מיך פֿלינק געלאָזען נאָך בראַזיליען, וואו דער קריעג הערשט נאָך אין זיין ווילדען מאַכט ביז איצט. אָ, שטורמענדיגע און פֿרעהליכע יאָהרען! ווי שמחות, פֿרעהליכע קאַמפֿען, און ווי קאַמפֿען, רוישענדיגע שמחות. און דער אָקעאַן, און די יוגענד, און די פֿרייהייט! מיר איז אָבער טייערער פֿון אַלע לוסט-שפּיעלערייען, טייערער פֿון אַלע העלדענטהאַטען, טייערער פֿונם לעבען אַליין — מיין פֿריינד, מיין אונפֿערגעסענער פעדרא געוועזען! ער איז געוועזען יונג, אָבער קליגער פֿאַר אַן אַלטען! ער איז געוועזען רוהיג, זאַנפֿט און איז מיר טריי געוועזען ווי אַ מאַמע. און איך האָב איהם ליעב געהאַט, ניט ווי

אַ מענשען — איך האָב איהם כמעט פערגעטערט! איין מאָל איז ער צו מיר געקומען דערשראָקען און בלייך. איך האָב איהם אונרוהיג געפרעגט, וואָס בעדייט עס און ער האָט מיר געענטפערט, אַז ס'איז געקומען די צייט, ווען ער מוז מיר אַ וויכטיגען סוד מגלה זיין. איך בין מיט איהם אַוועקגעגאַנגען צום ברעג ים, דאָרט בין איך דערגאַנגען— וואָס פאַר אַ שרעק האָט פלוצלינג מיין האַרץ דורכגעדרונגען! — איך בין דערגאַנגען, אַז מיין פעדרא איז אַ מאַרראַן... אַ יוד... אַ קריסט נור לפנים!.. אַז ער איז מתפלל פאַר דעם יודישען גאָט! אַז בסוד הייסט ער יצחק!... בעמע־קענדיג מיין שרעק האָט ער צוגעגעבען: „און דו אַליין — ביזט אויך אַ מאַרראַן!" און ער האָט מיר דערצעהלט אַ געשיכטע, ווי אַזוי אונזערע עלטערען האָבען אין דער צייט פון רדיפות, זיך גערעטעט דערמיט, וואָס זיי האָבען אָנגעטהון אַ מאַסקע פון אַ פרעמדען גלויבען, און ווי אַזוי דערנאָך, אַז מען האָט זיך פּינ'ים אָנשטעל דערוואוסט, זעגען זיי ענטלאָפען פון פארטוגאל, פון די פינסטערע תפיסות און פון די ווילדע פלאַמען... נאָר מיין פאָטער אַליין האָט די געצוואונגענע מאַסקע פערוואַנדעלט אין אַ פרייער און איז דערפאַר געבליבען אין ליסאַבאָן... אַזוי האָט מיר פעדרא דערצעהלט, און פון דער צייט אָן האָבען מיר מעהר וועגען קיינע אַנדערע זאַכען ניט גערעדט. נעבען באַהיע־דאָס־סאַנטאָס געפינט זיך אַ פעלזען, וועלכער ביינט זיך ווייט אַראָב אין ים און בילדעט אַ געהיימע העהל. דאָרט אין דער העהל פלעג איך זיך מיט פעדרא'ן בעהאַלטען אַלע טאָג. ער האָט מיך דאָרט געלערענט די תורה פון אונזערע אור־עלטערען, און האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע פון מיין פאָלק. איך האָב שטיל געשוויגען און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו זיין יעדעס וואָרט. וואָס ער האָט אַזוי בעגייסטערט גערעדט. און צו דעם מעכטיגען אָטהעמען פון דעם אקעאַן... און אין מיין פאַנטאַזיע האָבען זיךביידע צוזאַמענגעגאָסען און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער די געשיכטע פון אַ פאָלק־אקעאַן, וואָס האָט אַמאָל־אַמאָל די גאַנצע וועלט אַרומגעפּליעסט און די הימלען האָבען זיך אין איהם העל אָפּגעשפּיגעלט. גאָט אַליין איז אַראָב פון דער ערד צו ריידען מיט איהם, און דערנאָך האָט ער די גאַנצע ערד איבערגעגעבען דאָס, וואָס גאָט האָט מיט איהם גערעדט. נאָר גאָט האָט מיט זיין צאָרן אַנ'אָטהעם געטהון און די כוואַליעס פון

רוהם האָבען זיך פֿערוואַנדעלט אין כוואַליעס טרערען און בלוט. פֿאַר וואָס, פֿאַר וואָס פּייניגט מען איהם אונשילדיגערהייט? און אָפּט פֿלעגט טרעפֿען, אַז איידער דער גוטער פּעדראָ ענדיגט נאָך זיין ערצעהלונג פֿלעגט ער מיר אויפ'ן ברוסט אַרויפֿפֿאַלען און דאַן פֿלעגען מיר ביידע לאַנג וויינען און מיר האָבען געשוואוירען אָפּצוגעבען אונזער גאַנץ לעבען, איינגאַנצען דאָס בלוט פֿון הארצען, די ברידער. אונזער פֿאָלק.

איין יוד: און פֿון דאַמאָלסט אָן ביזטו אַ יוד געוואָרען?

קאסטרא: ניין, באַלד נאָך דעם האָט מען מיין חיל צוריק אָבגערופֿען קיין ליסאבאן, און איך האָב זיך מיט פּעדראָ'ן געשיידט. אין ליסאבאן זענען געשעהן גרויסע זאַכען. דאָס פֿאָלק האָט פֿון זיך אַראָבגעשליידערט דעם פֿערהאַסטען שפּאַנישען יאָך, און אינ'ם גערויש פֿון לעבען, אינ'ם גערודער פֿון די פּאַסירונגען, האָב איך, ווער איז מיר! פֿעדראָ'ס שטיל קול פֿערגעסען. געוואוהנהייט... בושה... קייזער־ליכע לוסט־שפּילעריי... איך בין געווען אַליין... און דער שטראָם האָט מיך געטראָגען... און גאָט האָט מיך בעשטראָפֿט; מיט אַ מחנה בראַ־באַנטען האָב איך אַמאָל בעוואַכט דעם פּלאַץ, וואו מען האָט אין דעם זעלבען טאָג געדאַרפֿט פֿערברענען אַנ'אַפּיקורוס. ביז'ן הימעל האָבען זיך די פֿלאַמען געטראָגען. דאָס גרויזאמע פֿאָלק האָט גערוישט. מען האָט צווישען זיך גערעדט. אַז דער דאָזיגער אַפּיקורוס האָט מיט זיין לאַנגען עקשנות און ווילדען גרים־צאָרן אַריינגעבראַכט די הייליגע פּריסטער, אַז ער איז ווערטה, מען זאָל איהם אָנטהון די שווערסטע יסורים. און איך האָב געטראַכט: אָ, וואָס וואָלט געווען, ווען איהר זאָלט וויסען אַז דאָ צווישען אייך געפֿינט זיך פּונקט אַזאַ אַפּיקורוס. ער איז אָבער אַ פּחדן, אַ פֿייגלינג, אַ פֿערשטעלטער... און אין דער מינוט בין איך אין מיינע אויגען געווען אַזוי אַראָפּגעפֿאַלען, אַז טרערען האָבען זיך אַ לאָז געטהון פֿון מיינע אייגען פֿאַר רחמנות צו זיך אַליין. באַלד אָבער האָט זיך דערהערט דאָס געצויגענע געזאַנג פֿון הייליגען קאָהר. עס האָבען אָנגעהויבען פֿלאַטערן די שוואַרצע קירכען־פֿאָהנען און דורך דער מע:גע, וואָס איז ווי פֿערשטאַרט געבליבען, האָבען זיך בעוויזען צוויי שורות מאנאכען, אין דער מיט איז געגאַנגען אַ יונגערמאַן. ער איז געווען אָנגעטהון אין אַ וויים העמד און אין אַ שאַנד־מיץ אויפ'ן קאָפּ. ווי אַזוי בין איך אין דער מינוט ניט געשטאָרבען! אָ, ברידער! דאָס

איז געוועזען ער. דאָס איז געוועזען מיין פריינד פּעדראָ! זיין פּנים איז ווי תכריכים — ווייס געווען, אָבער דערפאַר האָבען די אויגען געברענט מיט אַ בענייסטערונג־פייער, מיט אמונה און הימלישע זאנפטקייט. דער עולם האָט געשווידערט, און אָנגעהויבען צו פּראָטעסטירען, און ווער עס האָט פריהער געוואָלט מען זאָל איהם אָנטהון די שווערסטע יסורים, האָט נישט־ווילענדיג געשלונגען די רחמנות טרערען. דורכגעהענדיג דעם פלאַץ האָט ער מיך בעמערקט און האָט אויף מיר געוואָרפען צום אבשיעד אַ בליק, אָבער טאַקע נאָר איין בליק — ער האָט מורא געהאַט אַרויסצוווייזען זיין בעקאַנטשאַפט מיט מיר און דערמיט מיך אַרויסגעבען... טיעף אין דער נשמה אַריין האָט מיך דורכגעדרונגען דער דאָזיגער בליק, און ער לעבט נאָך דאָרט, און עד היום ברענט ער נאָך... איך בין אָפּגעשטאָרבען... ווי אין חלום האָב איך געהערט אַ מין גערויש... ס'איז שטיל געוואָרען און זיך ווידער בעגייט. פּלוצים האָט אין דער שטילקייט אַ דונער געטהון די לאַנג בעקענטע שטימע:

„שְׁמַע יִשְׂרָאֵל, יְיָ אֱלֹהֵינוּ, יְיָ אֶחָד!“

איך האָב זיך ערוואַכט. עס איז אָבער שוין געווען שפּעט. איבער דעם ליעבען קאָפּ האָט זיך שוין געקרייזעלט אַ שוואַרצער רויך... (פּאוזע)

דער ערשטער יוד: ביזט גלייך אַנטלאָפען צו אונז פון ליסאַבאָן?

קאַסטרא: איך האָב אין דער גיך אַלץ פערקויפט און בין אַוועקגעשוואומען קיין האָלאַנד. דאָרט האָט מיך ענדליך די יודישע שוהל פריינדליך אויפגענומען; דאָרט האָב איך חתונה געהאַט און אַנאַנץ יאָהר האָב איך פערבראַכט אין שטילער רוה. איך האָב אָבער געדענקט דעם צוזאָג. וואָס איך האָב פּעדראַ'ן געגעבען. מיט אַמאָל איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז מען קוילעט אונזערע ברידער אין דעם ווייטען פוילען. איך האָב מיך גלייך מיט מיין יונגער פרוי געלאָזען פליהען צו קעמפפען פאַר ליידענדע ברידער. מיט אַמאָל... אָ וועה! ווי בין איך איבעראַשט געוואָרען!

דער ערשטער יוד: וואָס הייסט? דו האָסט געפונען אַז מיר ליידען וועניג?

קאַסטרא: איך האָב ערוואַרטעט צו בעגעגנען העלדען,

קדושים, און האָב דערזעהן פּריצישע משרתים, דערשראָקענע, פֿער־שטויסענע, געמיינע און מיט פֿעראַכטונג געשטעמפּעלטע...

ר׳ אהרן: פֿאַר וואָס־זשע ביזטו צוריק קיין ליסאַבאָן ניט אַוועק געפֿאָהרען?

קאסטרא: ווייל איך האָב געליעבט די אונגליקליכע, און דער צו האָט אַ נעהיימע שטימע אין מיין האַרץ געזאָגט: „ניין, אַ לייב, אַ ביבלישער לייב קען ניט ווערען קיין האַז!"... איך האָב מיך גע־וואָרפֿען, האָב געצאָרענט, געקאָכט און זיי איבערצייגט. און נאָט האָט מיר צוגעהערט און געוויזען אַ נס. די קאָזאַקען האָבען בעלאַגערט טולטשין, אַלס געניטער אין קריעג־קונסט, קוק איך נאָך די בעלאַגע־רונג. די שלאַכטיטשען, זעה איך, קענען ניט ביישטעהן, ווען זיי האַלטען שוין גאָר שמאָל, קום איך גלייך צו פֿליהען מיט אַ מחנה יודען זיי צו הילף, יעדען טאָג איז זיי די הילף טייערער און נויטינער, און אָט האָבען מיר געשלאָסען אַ פֿערבינדונג און די פּוילישע פּריצים רופֿען איך ברידער, ווייל אין אייערע הערצער האָט זיך ערוואַכט אַ דרייסטיג־קייט און מוטה, אין דריי וואָכען צייט האָט איהר צוריקבעקומען דאָס וואָס דער פֿיעל הונדערט־יאהריגער גלות האָט ביי אייך גערויבט: די אַכטונג! אַלע אוקראינער יודען וועלען זיך צוזאַמען מיט די שליאַכ־טיטשען בעוואָפֿענען און מיר וועלען זיענען! נאָך דער מלחמה וועל איך פֿאָהרען צום קעניג, און ער וועט אונז געבען אַ געקרוינטען פֿיהרער. פֿון איין פֿונק, וואָס האָט זיך אין טולטשין אויפֿגעבלאָזען, וועט זיך צוגיעסען אַ ליכטיג פֿייער איבער דער גאַנצער וועלט, עס וועלען זיך אומקערען צוריק די צייטען פֿון די שטאָלצע מכבייער. דאָס פֿאָלק ישראל וועט פֿייערען אַ צווייטען יציאת מצרים...

(הינטער דער סצענע הערט זיך אַ שטימע: לאָזט אַריין, דאָ איז מיין יוסף!)

קאסטרא: מיין פֿרוי!

(עס קומט אריין שרה, איהר פֿערהאַלט אָבער דער שמש)

---

## צווייטער אויפֿטריט

(די זעלבע און שרה).

דער שמש: מען טאָר נישט — אוועק! ביזט אַן אשה, ביזט טמא...

שׂרה: יוסף! אַנ׳אונגליק איז געשעהן!

קאסטרא: אַנ׳אונגליק?

שׂרה: די יונגע פירשטין האָט געהייסען לויפען צו דיר. דער פאַן וויסאָצקי און דער יוד, וואָס איז מיט איהם צוזאַמען געגאַנגען, זענען אַריינגעפאַלען צו די שׂונאים אין געפאַנגשאַפט. דעם אונגליקליכען יודען האָבען די קאָזאַקען געטויט.

אלע: ברוך דיין אמת!

שׂרה: און דער פאַן וויסאָצקי האָט זיך אומגעקעהרט אין פעסטונג, מיט איהם איז אַ קאָזאַקען־שליח. די קאָזאַקען פערלאַנגען, מען זאָל אַרויס געבען די יודען, וועלען זיי באַלד אַראָבנעמען פון שטאָדט די בעלאַגערונג. די פריצים זענען זעהר אויפגערעגט. מיר זענען ניט זיכער, אַז זיי זאָלען אונז ניט פעררעטהען.

ר׳ אהרן: גאָט גרייט שוין צו די פערדיענטע שטראָף אויף די זינדיגע קעפ.

שׂרה: היינט ביי־טאָג דאַרף זיך אין פאַלאַץ אַ גרויסער ראטה פערזאַמלען.

קאסטרא: דערוויייל, הייסט עס, איז נאָך נישט בעשלאָסען אונז איבער צו געבען?... וואָס אָבער זענט איהר ברידער, אַזוי טויד־בלייך געוואָרען? איך וויים: דער פירשט איז אַ מענש מיט יושר... אַזוי הייסט עס! זיי ווילען אונז איבער געבען, ניין. שפעט שוין האָבען זיי זיך געחאַפט! דאָס לייבעלע האָט שוין נעגעל בעקומען, נישט אַזוי גיך וועט איהר איהם שוין אין העהל אַריינקריגען... קענט איהר מיר, ברידער. אַ שבועה געבען, אַז איהר וועט זיך פערטיידיגען ביז׳ן לעצטען טראָפען בלוט?

שׂטימען (נאָך אַ ווײַלע שווייגען): וואָס קענען מיר פערליערען? אין געמיראָוו האָבען זיך יודען נישט פערטיידיגט. וואָס האָט געהאָלפען?— האָט מען זיי לעבענדיגערהייט די הויט אַראָב געריסען.

קאסטרא: אויב אַזוי, קומט גיכער אין פעסטונג! און זאַמעלט אויף ביי די טויערען דאָס גאַנצע וואַכט.

(אַלע, אויסער דעם רב, געהען־אַוועק אונבעשלאָסענערהייט).

## דריטער אויפֿטריט.

ר׳ אהרן (אַליין) וואוּהין? וואוּהין? אוּם שבת! — זיי זענען אַוועק, ער האָט פֿערדוּנקעלט זייערע מוחות. איך בין אָבער אַליין שוּלדיג — פֿאַר וואָס האָב איך אַזוֹי לאַנג געשוויגען; נאָר גענוּג שוֹין! מען דאַרף אָנהוֹיבען טראַכטען וועגען עווינקייט — איך וועל אָנגוּרטען זיך אין נאָטס נאָמען מיט מיינע לעצטע כוֹחות אוּן וועל מציל זיין דאָס פֿאָלק ישראל פֿוּן דעם דאָזיגען שׂנעוֹן. (פֿאָרהאַנג)

## צווייטעס ביל ד.

(אַ גרויסער זאַל אין פֿירשט טשעטווערטינסקי׳ס פּאַלאַץ, ביי׳ן פֿענסטער זיצט די פֿירשטין זאָיא מיט מאַגדוסיע׳ן).

---

## ערשטער אויפֿטריט.

מאַגדוסיא: אָבער דער גלח ווייס, אַז דוּ האָסט ליעב דעם יוּדען?

די פירשטין: איך האָב איהם ליעב? דאָס וויים איך אליין ניט.

מאַגדוסיא: דוּ רעדסט דאָך איצט וועגען איהם טאג אוּן נאַכט.

די פירשטין: אָ, מיין קינד, מיין קינד!... איך גערענק, אַ מאָל איז צוּ אוּנז געקוּמען איינער אַ זינגער, דאָס איז נאָך געווען, בשעת איך האָב געוואוֹהנט אין דער היים, אויפֿ׳ן ברעג פֿוּן מיין ליעבער לואַרע. (אָ, ווי בענק איך נאָך יענע ערטער!) אַרוּם דעם זינגער, אין דעם אַלטען גרוֹיסען זאַל, האבען מיר זיך אלע ארוּמגעקליעבען אוּן דעם אָטהעם פֿערהאלטען: ער האט געזוּנגען פֿוּנ׳ם זיעסען צער פֿוּן ליעבע. מיט אַ מאָל האָט זיך אין שטילקייט, געהערט אַ יאָמערן; איך האב זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט. „וואָס וויינסטוּ, מיין קינד?״ — האָט מיך געפֿרעגט דער זינגער. — „איך וואָלט חשק געהאַט אַזוֹי צוּ ליעבען, ווי דוּ זינגסט״, האָב איך געענטפֿערט. האָט ער מיר פֿערזאָרגט געענטפֿערט: איך האָב אויף דיר רחמנות, מיין קינד, — דיין מזל וועט שוֹין זיין אַ טרוֹיעריגער: שטערבען צוּ אַזאַ מין ליעבע איז אָהן אַ תכלית...

מאַגדוסיא: דוּ האָסט שוֹין פֿיעל מאָל געליעבט?

די פירשטין: איך האָב פּיעל מאָל געוואָלט ליעבען... עס איז מיר אָבער זעהר שוועֶר צו דערצעהלען וועגען דעם.

מאגדוסיא: האָב קיין פּאַראיבעל ניט... עס ווילט זיך מיר וויסען די סבות (שטילערהייט). דו ביסט נאָך אַזוי יונג... און דיין מאַן, איז אַזוי אַלט...

פירשטין: אָ, מיין ליעב-מיידעלע! די זאַך איז גאָר אָהן סודות. גראָהע האָר זענען צייטענווייז אנגענעהמער, אַלס אַ רויט געזיכט און די שעהנסטע לאָקען פון אַ כּרוב... דער פירשט — איז איינער פון די בעסטע מענשען, אַז איך האָב איהם דערזעהן איז ער מיר ליעבער געוועזן, ווי אַלע שענע יונגע לייט פון רוים (וואו איך בין דאַן מיט מיין מוטער געוועזן, יונג שיידענדיג זיך פון מיין שענער פראַנקרייך) איך האָב געמיינט, אַז ענדליך זענען מיינע פאַנטאַזיען פערווירקליכט געוואָרען. ער האָט אַזוי זאַנפט גערעדט... אַזוי פיינדליך געקוקט, און זיינע בליקען האָבען מיך ווי געגלעט... היינט זיין קלאָרער פערשטאַנד און זיין לויטער האַרץ... ער איז נאָך איצט מיר זעהר טייער, אָבער אין מיין האַרצען האָבען אַנדערע סטרונעס שטאַרקער גענומען קלינגען...

מאגדוסיע (קוקענדיג אין פענסטער) עס געהט דער, וואָס האָט זיי בעוועגט שטאַרקער צו קלינגען.

די פירשטין: זעה, ווי טרויריג ער איז.

מאגדוסיע: טרויער איז דער זיגעל פון ליעבע. (זי לויפט אַוועק, די פירשטין מאַכט אַ טריט צום טהיר, קאסטרא קומט אַריין).

---

## צווייטער אויפטריט.

(די פירשטין און קאסטרא).

די פירשטין: מיין בלייכער פריינד! שטאָלצער שפּאַניער! אָבער וואָס איז מיט דיר אַזוינס געשעהן? דיין שטאָלצער בליק פינ־קעלט מיט אַ פערילדיגער טרער. דו ווייסט, אָדער ביזט קראַנק?

קאסטרא: קראַנק... ספיקות הייסט מיין קרענק. הייל מיך, אויב דו קענסט.

די פירשטין: מיט ספיקות... אָבער אין וואָס האָסטו אָנגע־הויבען צו צווייפלען?

קאַסטרא: אין דעם, אַז מענשען זאָלען טריי בלייבען אויף שטענדיג, אַז ווען עס קומט־אָן אויף זיי אַן אונגליק, זאָלען זיי ניט פֿערגעסען אין דער עהרע, — יאָ, מיין פ־ױ האָט מיר עפּעס אַ שרעקליכע ידיעה איבערגעגעבען.

די פירשטין: זאָרג נישט... אָבער ניין, — די זאָרג פּאַסט דיר אַזוי צום פּנים, דו ביזט איצט אַזוי שען...

קאַסטרא: זאָג מיר: איז דאָס טאַקי מעגליך, אַז וויסאָצקי האָט אונז פֿערראַטהען? און וואָס זאָגען די פּריצים? זענען זיי בייז דאַרויף? און נאָך וואָס האָט ער אונז איבערגעגעבען אָהן אַ שום ציעל? טרייסט מיך, פֿערזיכער מיר, אַז ער איז שוין פֿון לאַנג אַן אויסוואורף, אַ חיה רעה, אַ בושה פֿאַר זיין לאַנד... וועלכע מעשים רעים האָט ער שוין אָפּגעטהון, אָדער ניין — וועלכע האָט ער נאָך נישט געטהון? דו לאַכסט?

די פירשטין: דו טרייבסט־איבער, מיין פֿריינד. וויסאָצקי — אַ חיה רעה? ער — אַ אויסוואורף? אָ, ניין, ער איז אין גרונד גאָר ניט קיין שלעכטער פּאַן. קאָנסט איהם ניט. ער איז אַ מענש מיט אַ שטאַרקער פֿאַנטאַזיע און מיט אַ שוואַכען ווילען; ער טרינקט אויס צוויי גלעזלעך בראָנפֿן און איז שיכור, ווי פֿון צעהן גלעזלעך. ער איז ניט שלעכט און ניט גוט. ווי עס פֿאַלט איהם אַריין אין קאָפּ, אַמאָל איז ער ווייך ווי אַ שעפּעלע, און אַמאָל איז ער גרויזאַם ווי אַ ווילדע חיה. ער איז אַ שרייער, אַ שיעסער, אַ גאַנץ־וואהלער יונגערמאַן, איינגענטליך. מיט׳ן מויל וואָלט ער מיט דער גאַנצער וועלט מלחמה געהאַלטען, ער איז אַ העלד ווען ער שרעקט דעם טעריק מיט מלחמה, נאָר נאָך מעהר העלד איז ער טאַנצענדיג אַ מאַזורקע... זאָל ער אַ מאָל איין שונא הרגנ׳ען, אָדער איין האָז, אין אַ יאָהר אַרום וועט אויס־וואַקסען די צאָהל פֿון די דערהרג׳עטע ביז הונדערט...

קאַסטרא: אָ, אַז דו וואָלסט געהערט, ווי אַזוי זיי האָבען פֿריהער פֿערזיכערט און געשוואָרען! מיר גלויבט זיך ניט! קען דען זיין אַז טאַקי אַלע? איז גאָר קיין אויסנאַהם נישטאָ? און דער פֿירשט אויך?

די פירשטין: ניין, דער פֿירשט וועט איך צום שונא ניט

איבערגעבען, פערטהיידיגען וועט ער אייך אָבער אויך ניט. ער איז שוואך, חאָטש ער איז איין אָפענהערציגער.

קאסטרא: דיך וועט ער געויס פאָלגען...

די פירשטין: יאָ ער איז געליעבט פון זיין געהאָרכזאמער וואכט, אונ ער אַליין פאָלגט נור זיין געליעבטער פרוי.

קאסטרא: מיין צונג געהט ביי מיר ניט צו געבעט. איך בין דערצו קיינמאָל ניט געוועהנט געוואָרען, איך קען ניט אויסשפרייטען די הענד אונ בעטען זיך רחמים ביי מענטשען. איך האָב שטענדיג געמיינט, אַז דאָס לעבען איז אַ פרייער פלאַץ, וואו יעדער קומט אונ נעהמט דאָס וואָס ער קען; איצט אָבער בין איך וויכער געוואָרען. גיב אַ קוק: איך בעט: זאָלסט אונז שוינען! דו ווייסט דאָך, אַז מיר זענען אונ־שולדיג. מען וויל אונז מיט אַ פערראַטה אויסהרגנ'ען. אָ, האָב רחמנות! נעהם זיך אָן פאַר אייער עהרע, אויב אונזער לעבען אַרט דיך נישט. דו ביסט אַ פרוי — דיין האַרץ איז ריהרענד צו געבעט. הער־זשע צו די קרעכצען פון די הונדערטער מוטערס. עס הענגט שוין דער שווערד אויף די קעפ פון זייערע קליינע קינדער. די טעכטער זייערע וויל מען בעליידיגען אונ רויבען זייער עהרע. אָבער ניין! ניט זיי אונ זייערע קינדער טהון מיר באַנג. ווער עס האָט דאָס נאַנצע לעבען געציטערט, ווי אַ הונד אונטער'ן שטעקען, פאַר יענע איז דער טוידט אַ ישועה. מיר טהוט לייד דאָס פאָלק, מיין אונגליקליך פאָלק! שוין לאַנגע דורות זינט ער וואַרט אויף אַ צופאַל. אַז ער זאָל קענען אַראָפוואַרפען פון זיך דעם פערשאָלטענעם יאָך, וואָס לאַסטעט אויף איהם אַזוי שווער. אונ גאָט האָט צוגעשיקט אַ צופאַל, פין ווייטע לענדער האָט ער מיך אַהער געשיקט צו ערפולען מיין הייליגע שליחות. איך האָב אַזוי געאיילט, אונ איצט... אַז די איצטיגע מינוט זאָל ניט אויסגעניצט ווערען, זאָל אַוועק געהן אין גאָר־נישט. וועט שוין אַזאַ צופאַל אפשר זיך קיינמאָל ניט אומקעהרען. אָ, ווען דו זאָלסט וויסען צו אַ וואָסער־ברעג איך האָב מיין שיף געפיהרט! ווי מוטהיג איך האָב זי געפיהרט, ווי אונבעזאָרגט! מיט וואָסערע פאַנטאַזיען איך האָב זי אָנגעלאָדען! מיט וואָסערע האָפנונגען האָב איך זי בעפליגעלט!... איך בין געשווימען שנעל, אונ איצט בלאָזט מיט אַמאָל אַזאַ מיאוס'ער ווינד... ראַטעווע מיך, זיי מיין אַנקער!

די פירשטין: שטעה! בלייב אונבעוועגט! אַט אַזוי, אַזוי דאַרף אויסזעהן מיין העלד, מיין וואונדערליכער גאַט. צו ווען איך זאָל זיך בוקען, די אויגען שוואַרץ ווי די נאַכט... די זעלע העלער ווי דער טאָג... אָ, שרעק זיך ניט! דער מזל אַליין בעשיצט דעם העלד. ביזט בעסער און שענער פאַר די אַלע, וועלכע איך האָב ביז היינט געזעהן! דו ביזט ווי פון פייער בעשאַפען געוואָרען! · דו ביזט אַ ליכטיגער שטראַהל, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין די דונקעלהייט פון אַ קבר... יוסף! מיר זענען ביידע איינס דעם אַנדערען זעהר נויטיג! איך וועל דיך ראַטעווען, אָבער ראַטעווע מיך אויך!...

קאַסטרא: דיך ראַטעווען!

די פירשטין: יאָ, מיין שונא איז גרויזאַם און שרעקליך. מיין שונא איז שטאַרק, שטאַרקער נאָך פון קריוואָנאָס'ען... מיין שונא איז ווי דער טייוועל חיטרע. מיין שונא שרעקט זיך ניט אָב פאַר די העכסטע טהורעמס, פאַר די שטאַרקסטע ווענד. ער האָט מיר פיעל צרות פערשאַפט. און דאָך איז ער מיר טייער, ער האָט זעהר פיעל שותפים, און דער ערשטער — ביזט דו!

קאַסטרא: איך?

די פירשטין: יאָ—דו! דיין פערטרויערטער בליק, דיינע בעוועגונגען, אַלע דיינע מ'ענעס. אָבער, איך בעט דיך, גיעב אַ שמייכעל און קוק ניט אַזוי שטרענג. זיי פריינדליכער, מיין שטרענגער העלד! רוף מיך אָן פריינדין, שוועסטער.

קאַסטרא: ניט נור איך אַליין — דאָס גאַנצע פאָלק וואָס ווערט געראַטעוועט זיין דורך דיר. אַלע וועלען דיך אַזוי רופען אַז דו וועסט אבווענדען דאָס אונגליק, וואָס וויל זיך איצט אַזוי גרויזאַם אַראָבלאָזען איבער אונזער קאָפּ.

די פירשטין: דאָס גאַנצע פאָלק זעה איך ניט, אָבער יוסף'ס אויגען זעה איך פאַר מיר שטענדיג.

קאַסטרא: דאָס פאָלק וועט דיך אוועק-שטעלען אין איין שורה מיט אסתר המלכה, מיט דונה גראַציע.

די פירשטין: ווי מאָדנע מיר רעדען... דו ביזט שעמעוודיג... וועל איך דיר קומען צו הילף... (זי מאַכט איינינע שריט. קאַסטרא טרעט אָב צוריק. אַ מינוט שטילשווייגען) ביזט דאָך אַליין צו מיר מיט אַ געבעט

נעקומען, זאָג: איז גרינג דאָס בעטען זיך? און איך בייג זיך איצט פאַר דיר! איך קום־אום! ראַטעווע מיך! עס איז מיר זעהר ביטער! ריין און קלאָהר בין איך אין דעם דאָזיגען הויז אַריינגעקומען, ווי דער שנעע אויפ'ן שפּיץ־בארג. נאָכדעם בין איך מיט צרות און חרפּה בע־דעקט געוואָרען. גלויב מיר, יוסף, אַט דאָ אין הארצען ביי מיר שטעקט עפּעס אַ בעזונדערע קראַפט. ראַנגלען זיך מיט איהר איז נאָר אומזיסטע ליידען, די קראַפט איז שטאַרקער פון שכל. עהרע און פליכט... נאָר אַ בליק פון שיינע ליעבע אויגען קען די קראַפט בערוהיגען... אַזוינע אויגען האָב איך אָבער ניט געפונען. איך האָב שטילערהייט פערהאַסט די אַלע יעניגע, וועמען איך האָב מיין פריינדשאַפט פערשוואָרען. און איך פערהאַס זיי אויך איצט. נאָר איין מאָל האָט זיך מיר געדאַכט... אַז אין דיינע אָרעמס, אָרומער ליידענדער, וואָלט איך געקענט רוה געפינען... דיין גייסט איז רעכטפערטיג, ריינער פון דיינע אויגען קען ניט זיין, און דיין בלייך פּנים לויכט מיט שעהנקייט... ליעב מיך!... (זי נעהמט אים אָן פאַר'ן האַנד).

קאַסטרא (שטיל): גאָט זעהט אַלץ...

די פירשטין: עס שרעקט מיך קיין זאַך ניט. ער וועט דאָך אונז ביידען בעשטראָפען.

קאַסטרא: און מיין שרה?

די פירשטין: פערגעס זי, ווי איך מיין מאַן.

קאַסטרא: ווי אַזוי וועל איך קענען איהם בעטען ער זאָל אונז שיצען פון די, וואָס ווילען אונז פערראַטהען, ווען מיין דאַנק וועט זיין צוריק אַ פערראַטהונג? האָב איך דען דעם לעצטען שוין אויך־פערלוירען?

די פירשטין: טראַכט ניט פיעל! איך האָב דיך ליעב!... די מינוטען שווינדען... קום! — און אַוועק דאָס שעמעריי...

קאַסטרא: זיי מיר בעסער אַ שוועסטער. איך וועל דיר אַ ברודער זיין...

די פירשטין: מען געהט... אָ, דו האָסט נור געקענט אַנ'אַנקער געפינען, אָבער פערפעסטיגען עס מיט שטריק האָסטו ניט געקענט.
(זי געהט אַוועק. קאַסטרא בלייבט שטעהן עטליכע מינוט שווייגענד, אונטער דער סצענע דערהערען זיך קולות, קאַסטרא שטעלט זיך אַוועק אונטער דער

קאַלאַנע, עס קומט־אַריין דער פירשט יאנוש טשעטווערטינסקי, די פריצים וויסאָצקי, סינעלסקי, סטרוס, זשובר און אַנדערע, דער גלח בעראלדוס און יוריוס).

---

## צווייטער אויפטריט.

(דער פירשט, די פריצים, דער גלח בעראלדוס און יוריוס).

דער פירשט: ענדליך זענען מיר צוזאַמען, דער פאַן וויסאָצקי וועט אונז דערצעהלען, וואָס ער האָט געהערט און געזעהן.

וויסאצקי: האָטש איך האָב ניט קיין טבע צו בעריהמען זיך, פון דעסטוועגען מוז איך זאָגען, אַז דאָס וואָלט געט־אָפּען מיט אַנ־אַנדערן פון אייך, וואָס מיט מיר האָט געטראָפען נעכטען, וואָלט ער שוין געוואָרען אַ קדוש... ווי נאָר איך בין מיט דעם יודען אָבגעגאַנגען אַ וויערסט אין פעלד, האָבען אונז די שונאים בעפאַלען מיט אַ גאַנצע־מחנה. איך וועל אייך איצט אָפּשווייגען פון דעם ווי אַזוי איך האָב זיך פערטהיידיגט. דערפון וואָלט אייך מיין זעבעל פיעל דערצעהלט. ווען ער וואָלט נעקענט רעדען (ער ווענדעט זיך צו יוריוסע) איז אַזוי, קאָזאַק־לעבען?

יוריוס: אמת, אמת...

וויסאצקי: איך בין געווען איינער אַליין, און זיי — הונדערט, קומען מיר אין לאַגער. מילא דער יוד האָט זיך געהאַלטען, ווי עס פאַסט פאַר אַ יודען, באַלד האָט ער אויסגעזאָגט וואוהין מיר געהען און נאָך וואָס מיר געהען און וואו איך האָב אַפּילו אין וועג אַ בלעטעלע בעהאַלטען.

שטימען: פערפלוכטער יוד! יודאַ־מסר!

וויסאצקי: נאָכדעם איז צו מיר צוגעשטאַנען דער אטאמאן: „ווער איך בין? בין איך אַ צעקאָכטער געוואָרען — איהר קענט דאָך מיין נאַטור. „איך בין, זאָג איך, אַ האָנאראָווער שליאכטיטש, פאַן וויסאָצקי, פאַר וועמען דו און דיין גאַנצע מחנה חלאָפּעס דאַרפען שטעהן אָהן אַ היטעל און שטיל! און איהר זענט חלאָפּעס, וואָס גאָט אַליין הייסט אייך אונז צו פאָלגען און טהון וואָס מיר הייסען!“... נו, נו — איהר קענט אייך שוין פאָרשטעלען, וואָס מיט זיי האָט זיך צו טהון מיט אַ מאָל!... זיי האָבען זיך נעבעך באַלד אָבגערוקט צוריק און גענומען קוקען אויף מיר מיט אַזאַ אָבשיי!... ניט אומזיסט האָבען די וויסאָצקעס אַ לייב אין הערב...

שטימען: אַ פּויער איז ווי אַ קינד: שרייט־אָן אויף איהם ווערט עס רוהיג.

וויסאצקי: אמת, פּאַנען, אמת טאַקי! ווי קינדער זענען זיי רוהיג געוואָרען, חלילה, זאָגען זיי, מיט אייך פּריצים האַלטען מיר גאָר נישט קיין מלחמה. אונזער שׂונא — זענען די יודען! גיעט אונז נור אַרויס די יודען וועלען מיר אַוועק געהן. אַז מענשען רעדען צו דער זאַך איז דאָך עפּעס אַנדערע ווערטער! האָט זיך, פערשטעהט זיך ממילא באַלד אָנגעהויבען אַ פרעהליכע סעודה, און דעם יודען האָט מען אויפגעהאָנגען אויף אַ בוים. און גלייך האָב איך זיי געגעבען מיין האָנאָר־וואָרט, אַז אין אַ צייט פון צוויי מעת־לעת גיעט מען זיי אַרויס אַלע יודען, מיינע הערען! וועט איהר מיך חלילה לאָזען איך זאָל בלייבען ביי די חלאָפּעס אַ ליגנער?

סינעלסקי (צו יורייוסען): מיר ווילען וויסען, וואָס רעכענען די קאָזאַקען צו טהון? וואָס דאַרפט איהר, דאָס יודיש גוטס, אָדער זייער נפש? אויב דעם נפש, קענען מיר ניט מרוצה ווערען, מיר מוזען און וועלען זייער לעבען פערטהיידיגען, נאָר אויב איהר ווערט זיך בענוגענען מיט זייער גוטס אַליין, קענט איהר אייך נעהמען, דאָס וועלען מיר אייך ניט שטערען, זאָל נאָר נעהמען אַסוף צו דער אומזיסטיגער שחיטה.

יורייוס: געאַכפּערטע פּאַנען! מיר זענען ניט קיין גנבים און קיין גזלנים־רוצחים, פרעמדס גוטס דאַרפען מיר ניט. דאָס יודישע גוטס אָבער איז אונזער'ס, דאָס האָבען זיי אָנגערויבט ביי אונז, ביי אונזערע עלטער־ען און זיידעס, מיר ווילען נור אָפּנעהמען דאָס, וואָס איז אונזער איינענס, זייער'ע נפשות שענקען מיר אייך.

סינעלסקי: אויב אַזוי זענען מיר מרוצה, דאָס גאַנצע יודישע פערמעגענס וועלען מיר אייך אַרויסגעבען, איהר דאַרפט אָבער אונז געבען אַ שבועה, אַז דעם זיבענטען טאָג וועט איהר באַלד אַראָפּנעהמען די בעלאַגערונג פון דער שטאָדט.

יורייוס: אייך גלויבען מיר און מיר זענען גרייט צו שווערען, די יודען אָבער קענען מיר ניט גלויבען, זיי האָבען ביי אונז ניט קיין אמונה, מיר האָבען מורא, אַז זיי קענען נאָך זייער גאַנצע עשירות פערגראָבען אין דער ערד. עס וואָלט געווען אַ סך גלייכער, אַז זיי זאָלען אַליין אַרויסגעהן צו אונז צוזאַמען מיט דעם אויסקויף.

**סינעלסקי:** זאָל זיין אַזוי. ביי נאַכט וועלען מיר פֿערנעהמען די טויערען מיט דער פריצישער וואַכט.

**דער פירשט:** די וואַכט לאָזט איבער! צו מיר האָט עס ניט. איך בייט ניט מיין וואָרט און איך וואָלט אויך דאָס זעלבע אייך געראָטהען.

**בעראלדוס:** פאַנען! דערמאָנט אייך! די יודען זענען דאָך בעיואָפּענט! עס וואָלט אפשר גלייכער געווען, מיר זאָלען זיי מודיע זיין, אַז מיר האָבען זיך אויסגעגלייכט מיט'ן פֿיינד. דאַמאָלס וועלען זיי אונז דאָס געוועהר אומקעהרען. אָבער מען מוז דאָס וואָס גיכער מאַכען. איין מינוט — און די יודען וועלען זיך דערוויסען פֿון אַלץ.

**סינעלסקי:** קומט גיכער, קומט! (די פריצים אויסער דעם פירשט, שטעהען אויף פֿין די ערטער און לאָזען זיך געהן צום טהיר. קאַסטראָ געהט־אַרויס פֿון הינטער דער קאָלאָנע און לאָזט זיך נאָך זיי).

---

## צווייטער אויפֿטריט.

(די זעלבע און קאַסטראָ.)

**קאסטרא:** וואַרט! שוין שפּעט! זיי וויסען שוין אַלץ!

**סינעלסקי:** פֿערפֿלוכטער יוד! פֿון וואַנען האָט ער זיך גענומען?

**קאסטרא** (ליידענשאַפֿטליך) וואָס זאָגסטו? פאַן סינעלסקי? געדענקסט דעם פֿריהמאָרגען, ווען דו האָסט זיך מיט מיר דאָס ערשטע מאָל בעגעגענט. מיר האָבען זיך דערוואוסט. אַז די קאָזאַקען דריקען אַייך (איהר זענט גערעכט: פֿון אלץ דערוויסען מיר זיך באַלר) — איך האָב אין דער גיך אויפֿגעקליבען אַ מחנה יודען און בין געפֿלויגען אייך צו הילף, דער ערשטער, ווען איך האָב אָנגעטאָפּען, ביזטו געווען; דו ביזט זעהר געלאָפֿען, חאָטש דו ביזט מיער געווען, פֿאַר וואָס, זאָג מיר, האָסטו דאַמאָלס ניט געפֿרעגט: פֿון וואַנען האָב איך זיך גענומען? אָ, דאַמאָלס האָסטו מיך אָנגעחאַפּט פֿאַר דער האַנד — דיין האַנד האָט געציטערט — און געלאָפֿען צוריק.

**סינעלסקי:** אַזוינס געדענק איך נישט!

**קאסטרא:** אָ, מיין גאָט! ווי אַזוי קען איך ווירקען מיט ווערטער אויף אַ מענשען, וואָס האָט ניט פֿערוואָרפֿען קיין איינציג גוט וואָרט פֿאַר זעכס טויזענד אונשולדיגע נפשות! פֿאַר זעכס טויזענד

זיינע פריינד! ווי אַזוי קענסטו אונז פערטהיידיגען פון טוידט, ווען דו ווילסט אונז אונבעוואָפּענטערהייט איבער געבען אין די הענד פון גרוזאַמען פיינד! ווי עס ווייזט, איז דיין פעראַטה אַזוי גרויס, אַז דו האָסט אַליין פאַר דעם מוראָ און ווילסט כלומר'שט עס בעפּוצען מיט אַ מאַסקע... אָבער אויב איהר זענט טויב צום קול פון טרייהייט, יושר און כבוד...

סינעלסקי: איך בעט — שווייגען, ווען ניט וועט דער זעבעל מיינער דאָס בעטען...

קאַסטרא: זעהסט, ווי דו פּיהלסט זיך בעליידיגט און בייז פון אַ וואָרט, וואָס דאָס איז דאָך נור דער שאָטען פון טהאַט, היינט ווי זאָל איך זיך שוין פּיהלען בעליידיגט און דערצאָרענט פון דיין פער־ברעכערישער טהאַט? הער האָטש צו וואָס דער פערשטאַנד רעדט! נאָך אַמאָל: איהר האָט זיך געקענט לאָזען האַקען אין די נעטצען, וואָס די חלאָפּעס האָבען פאַר אייך צעשטעלט? סטייטש, איהר האָט געקענט גלויבען דעם גראָבען שקר, וואָס לאָזט זיך אָנטאַפּען מיט די הענד?! זיי זענען געקומען נור מיט די יודען מלחמה האַלטען, אָבער ניט מיט די פריצים! און וואָס האָבען געטהון זייערע עלטערען, זייערע ברידער? שוין הונדערט יאָהר זינד די קאָזאַקען בונטעווען, שוין הונדערט יאָהר זינד די שלאַכטיטשען שטילען זיי איין, און דאָך זענען די קאָזאַקען אַלץ נאָך אייערע פריינד?! אויף אַלע סיימען[1] דונערען וועגען דעם גאַנצע רעדען, אַלע העטמאַנען שרייבען אויף אייך גזרות און אַרבייטען דאָ מיט אַ גלעט און דאָ מיט אַ בייזער, דאָס חיל איז שטענדיג גרייט אונטער'ן וואָפען, דאָס לאַנד איז פערוויסט, די קלויס־טערס ברענען, ווילען געהט צו גרונד — און דאָך זענען די קאָזאַקען אייערע פריינד? פריינד! פרענט־זשע דעם פריינד אייערען קריוואָנאָס, זאָל ער אייך זאָגען, וואו ער ביז היינט געוועזען מיט זיין באַנדע, וואו האָט ער מעהר פון דער שלאַכטע די הויט געשונדען, וואו האָט ער מעהר פוילישע גלהים געלאָזט הענגען: צו אין לאַדיזשין, צו אין בערשאָד, צו אין ווערהאָויקע? אָ מיין גאָט! מאַך קלאָר זייערע פער־דונקעלטע, בלינדע מוחות! שוין־זשע זעהט איהר דאָ ניט דאָס פאַלש־

[1] אַ געזעצגעבונגס־אינסטיטוציע פון אַלאַנד.

קייט זייערס? אוודאי שטערט זיי וואָס די פְּרִיצִים האָבען זיך מיט די יודען פֿעראייניגט: שוין צוואַנציג טעג, אַז זיי בעלאַגערען די שטאָדט אָהן אַן עָרפּאָלג, אומזיסט; דעריבער ווילען זיי פֿריהער צורעכט מאַכען די יודען און נאָכדעם וועלען זיי שוין אייך אויך ניט שאַנעווען...

יוריום (שלאָגט איהם איבער): ער לייגט, דער יוד, מיר האָבען ניט קיין שום פֿאַלשקייט אין געדאַנק, מיר זענען אויף די פְּרִיצִים נאָר אין כעס דערפֿאַר, ווייל איהר האַלט איין האַנד מיט די יודען, און אויב דער פאַן וויסאָצקי וואָלט אונז ניט מַבְטִיחַ געווען, אַז איהר אַליין האָט די יודען ניט ליעב, וואָלט איך אַהער גאָר ניט געקומען.

וויסאצקי: איהר הערט, פאַנען — אַלץ האָב איך געמאַכט!

יוריום: די פְּרִיצִים זענען ניט אונזערע שוֹנְאִים, אָבער דאָס יודישקייט קענען מיר ניט פֿערטראָגען, איהר ווייסט, מיר זענען אַ פֿרעהליך פֿאָלק: מיר האָבען ליעב צו הוליען, טרינקען, ווי דער שטייגער איז... פֿערזעהסטו אָבער נור איין מינוט — אַהאַ דער ניכטערער יוד איז דיר שוין אין קעשענע אַריינגעקראָכען, איידער דו גיעסט זיך אַ קעהר איז זיין האַנד שוין אין דער צווייטער. און וואו איז ער דען ניט? אויפֿ'ן אויווען, אונטער'ן אויווען, אין קאַמער, אין קלויסטער, אין קרעטשמע — אומעטום זענען זיי פֿול! זיי קוקען מיט הונגעריגע אויגען, קלאַפען מיט די הונגעריגע ציינער און פֿערשאַרען צו זיך אַלץ מיט די מאָגערע הענד. און מיר ליידען אַלץ ביז עס פּלאַצט ניט דאָס געדולד, דערפֿאַר אָבער רעכענען מיר זיך דערנאָך ביטער אָפּ מיט זיי! ווען נאָר די פְּרִיצִים וואָלטען זיי ניט פֿערטהיידיגט, וואָלטען מיר אייך געוועזן די איבערגעבעגנסטע קנעכט.

בעראלדום: ער איז גאַנץ גערעכט! די יודען האָבען גאַנץ פוילען אונגליקליך געמאַכט.

סינעלסקי: שוין צייט פֿון זיי פָּטור צו ווערען.

יוריום: פאַנען! אויב איהר קלערט פערטהיידיגען די יודען, לאָזט מיך צוריק אין לאַגער. די טעג ערוואַרטען מיר, זאָל אַנקומען אַ גרויס חַיִל פֿון פאַלאוויאַנען, דאַמאָלס וועלען מיר מיט געוואַלד פֿון אייך די יודען אַרויסרייסען.

סינעלסקי: מיינע הערען! ווער געהט צו די טויערן?

שטימען: אַלֶע! אַלֶע — גֶעשווינד! —
קאסטרא: פירשט, ביי דיר גֶעשֶעהט אַ פֶערראַטה! אָ, רעֶטעֶ!
דער פירשט: וואָס קֶען איך טהון? (עס לויפט אַריין די פירשטין).

---

## פיערטער אויפטריט.

(די זעלבע און די פירשטין).

די פירשטין: וואָס איז דאָ פאַר אַטומעֶל?
קאסטרא (לויפט איהר אַקעגען): רעֶטעֶ!
די פירשטין (צו סינעלסקי'ן): נעֶאַכטעֶטעֶר פאַן! וואוהין פיהרסטו זיי אַלעֶמעֶן?
סינעלסקי: צו בעֶפרייעֶן די שעֶנעֶ פירשטין פון בעֶלאַנעֶרונג.
די פירשטין: איך האָב ביז אַהעֶר דיך געֶהאַלטעֶן פאַר אַ ריטעֶר.
סינעלסקי: און דו האָסט קיין טֶעות ניט געֶהאַט.
די פירשטין: אַ ריטעֶר האַלט שטעֶנדיג וואָרט!
סינעלסקי: רעֶד נאָר אַרוֹיס איין וואָרט — שטאַרב איך גערן!
די פירשטין: דו האָסט די יודעֶן אַ וואָרט געֶגעֶבעֶן צו פעֶרטהיידיגעֶן זיי — האַלט עֶס.
סינעלסקי: עֶרקונדיג זיך, אַז איך בין ווירקליך אַ ריטעֶר: מיין אויפגעֶהויבעֶנעֶם שווערד לאָז איך צו דיינעֶ פיס פאַלעֶן, דו ווילסט — ווער איך אַ פעֶרטהיידיגעֶר פון די יודעֶן.
די פירשטין: איך דאַנקעֶ. (צו וויסאָצקין) און דו, מיין גוטעֶר פאַן...
וויסאצקי: איך לאָז אַראָפּ דעֶם שווערד... איך האָב פיינד זיך צו בעֶריהמעֶן, דו האָסט אָבעֶר געֶראַטעֶוועֶט הונדעֶרט אָדעֶר צוויי הונדעֶרט נפשות.
די פירשטין: מיינעֶ פאַנעֶן! איהר זעֶנט אַלעֶ ריטעֶר'ס, ניט אֶמֶת דעֶן? דעֶר האָנעֶר פון אַלטעֶ שליאַכטיטשעֶן בעֶלעֶבט איך...
זשובר: ווי די הערין וויל!

סטרום: דער האַררינ'ס אַ וואָרט איז הייליג.

דער פירשט (מיט אַ גוטען שמייכעל): אָ, מיין ריינער מלאך! זי איז נאָר אויף אַ רֶגַע אַריינגעקומען און אַלע הערצער זענען אַזוי ווייך געוואָרען, ווי דורך אַ נֵס.

בעראלדום (יוריוס'ן אין דער שטיל): ניט פֿאַל ביי זיך אַראב, קאָזאַק... האָב געדולד.

די פירשטין: אַזוי, מיינע פאַ:ען! אַבענד־צייט פֿערבעט איך אייך אויף אַ קליינער סְעוּדָה — פֿערשטאַרקען דעם שָלום איינערען.

(אַלע נייגען זיך נידריג. דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט).

---

# צווייטער אַקט.

## ערשטעס בילד.

(אַ מאָנאַכען־קעליע אין טולטשינער קאַטוילישען מאנאַסטיר, דער גלח בעראלדוס און יוריוס).

יוריוס: ניין, פֿאָטער בעראַלדוס, ווייטער זאָל אַזוי זיין קען איך שוין ניט. שוין דריי טעג, אַז די חֲבֵרִים וואַרטען דאָרט אויף אַ תשובה. צי דולסטו מיר ניט גלאַט אַזוי מיט דיינע מַעֲשִׂיוֹת? היינט אַנטלויף איך אין לאַגער.

בעראלדום: האָב איך דען דיר ניט געזאָגט, אַז אַלץ ווענדט זיך אין דעם פירשט?

יוריוס: יאָ, איך זעה שוין, אַז אין איהם ווענדט זיך עס. די גאַנצע הויף־קאָמאַנדע פֿאָלגט איהם, ווי איין מענש, אָהן איהם ווע‍לען די פְּרִיצִים גאָר נישט טהון — נו איז מיר שוין דערפֿון גרינגער? פֿריהער איז דעם פירשט אַלץ איינס געווען: יאָ אַרויס־געבען די יודען, צו ניט אַרויסגעבען, איצטער אָבער שטעהט ער פֿאַר זיי שטאָל און אַייזען, און זייער רב אָהן די פֵּאוֹת האָט שוין פֿערריסען דעם קאָפּ. אַזוי ווי דעם פאָפּ'ס פֿערד. איך קעהר מיך זיכער אום צוריק אין לאַגער.

בעראלדום: האָב איך דיר דען אויך ניט געזאָגט, אַז דער פירשט טהוט אַלץ, וואָס נאָר די פירשטין פֿערלאַנגט.

יוריום: ניט דערמאָהן מיר די פּירשטין, מיט דיינע מַעֲשׂיות האָסטו מיר נעבראַכט דערצו, אַז איך קען ניט עסען, אַז איך האָב פּערלוירען דעם שלאָף.

בעראלדום: ניט אֱמֶת, פאַן וואָינאַ. איך האָב דיר וועגען דער פּירשטין זיכערעס, פּאָזיטיוו, גאָר נישט געזאָגט. אַז די פּירשטין, אַ שטיינער, איז אַזאַ און אַזאַ; פֿאַר אַזעלכע זאַכען וואָלט איך פּערדיענט שמיץ מיט אונזער בייטש איבער דער פּלייצע און אַנדערע ערטער. איך האָב נור געזאָגט וועגען איהרמיין הַשְׁעָרָה, פּרעפּאָזיטיוו, אַז אַ סך פּרויען, אויף וועלכע זי איז עהנליך, האָבען געקענט זיין אַזוינע און אַזוינע.

יוריום: איך קען ניט וויסען וואָס דו האָסט דאָרטען געזאָגט. איך וואָלט אָבער, דאַכט זיך, פּערמַשְׁכּוֹנ׳ט מיין נְשָׁמָה ביין שוואַרץ־יאָר, וואָלט טאַטע־כאַמע פּערקויפט, איך זאָל זי נור איין מאָל קענען איהר אין די אויגען רופען ליובע. —

בעראלדום: אַז מע זאָל נעהמען די זאַך בִּכְלָל, איז יונגע פּרויען, וואָס שטעהען אין דער פּירשטינס שטאַנד, קען ניט זיין אונאַנגענעהם צו הערען דאָס דאָזיגע וואָרט פון אַ שענעם יונגען־מאַן; אָבער בעמערק, אַז איך זאָג עס בכלל generaliter אָבער ניט ad hoe.

יוריום: ריאַסא איז גערעכט געוועזען בשעת ער האָט מיך נעוואָרענט, איך זאָל זיך ניט אָנטשעפען אָן אַ קליידעל.

בעראלדום: און דו האָסט שוין געפּרופט. ווען די פּירשטין איז דאָ דערביי, צו בענוצען אַזעלכע מִינֵי ווערטער, ווי דו האָסט ערשט דערמאָהנט?

יוריום: וואָס רעדסטו, הייליגער פּאָטער, איהר אין די אויגען וואַג איך נישט אַפילו דאָס מויל צו עפּענען, איך וואָלט אפילו ניט נעוואַגט צו אַטהעמען, נאָר זי גיעט אויף מיר אַזאַ קוק און שמייכעלט אַזוי, אַז יעדעס מאָל ברענט מיר דאָס פָּנִים. נעכטען האָט זי מיך געפרעגט: ווער איך בין אַזוינער: צו אַ פּראָסטער קאָזאַק, צו אַ שליאַכטיטש.

בעראלדום (אונרוהיג): און וואָס האָסטו איהר געענטפערט?

יוריום: איך האָב איהר דערצעהלט אַלץ: אַז איך בין אַ

רוסישער שליאַכטיטש, אַז מיין פֿאָטער איז געוועזן אַ קאָזאַקען פּאָלקאָווי־ניק, אַז מען האָט מיר אָפּגעגעבען אין לעמבערג אין אַ שוהלע, אַז איך בין פֿון דאָרטען אַנטלאָפֿען אין שוין צוויי יאָהר, אַז איך פֿער־ברענג פֿרעהליך צווישען די קאָזאַקען.

בעראלדום: דו האָסט זעהר גוט געטהון, וואָס דו האָסט איהר אַליך דערצעהלט.

יוריום: איך בעט דיך אין גאָטס נאָמען, וואָס קוקט זי אַזוי־אַזש זי נעהמט דורך די נְשָׁמָה?...

בעראלדום: אַז איך זאָל דיר בעשטימט ענטפֿערען אויף דיין פֿראַגע, וואָלט עס געהייסען asseveratio; אָבער דאָס, וואָס איך וועל דיר זאָגען וועט נאָר זיין אַ וואַהרשיינליכקייט אַליין. פֿיעלע יונגע פֿרויען, אַז זיי האָבען חֲתוּנה מיט אַלטע לייט, אָדער אַזוי מיט מיני שלעק, זענען זיי די ערשטע צייט דורכגענומען מיט דעם געדאַנק, אַז זיי מוזען ערפֿולען זייער חוב און זיי בלייבען צנועות; אָבער אַז דער טייוועל בעזיעגט זייער גוּף, ווערען זיי די גרעסטע בַּעֲלֵי־עֲבֵרָה'ניצעס. מען קען זיי לייכט ערקענען נאָך זייער פֿלינקען בליק, וואָס איז שעמענדיג און פֿרעך צוזאַמען, נאָך זייער ציטערענדען געלעכטער און דאָס בע־זאָנדערע ציהען פֿונ'ם קערפער. מיט איינער אַזאַ בַּעַל־עֲבֵרָה'ניצע האָט דער גייסטליכער מעהר אַרבייט, ווי מיט אַלע פֿרויען פֿון דער עפּאַרכיע צוזאַמען. פּאַטשערעס און תְּפִילוֹת ווירקען אויף איהר ניט, וואָרום מִתְוַדֶה זיך זיין איז ביי איהר אויך אַ פֿערגעניגען ווי זינדיגען, אַלע טאָג ברענגט זיי נייע פּעקליך עֲבֵירוֹת; דאָ האָט זי זיך פֿערליעבט אין אַ צאַרטען פּאַניטש, וואָס איז ערשט אַרוֹ'ס פֿון די קינדישע יאָהרען, דאָ אין אַ שִׁכּוֹר מיט וואָנסען, דאָ אין אַ געזונדען היידעמאַק, און דאָ אין אַ יודען מיט שוואַרצע אויגען.

יוריוּם (האַפּט זיך פֿאַר'ן קאָפּ): איך פֿערשטעה, איך פֿערשטעה אַליך, זי האָט ליעב יענעם רב; אָט פֿאַר וואָס זי האָט די יודען פֿער־טהיידיגט!

בעראלדום: איך האָב נישט גערעדט פֿון די פּירשטין און נישט פֿון דעם רב, דאַריבער הייסט מיין אויסדריינגען sillogismus vagus.

יוריוס: אין גאָטס נאָמען, אינ׳ם נאָמען פֿון אַלע קְדוֹשִים, גיעב מיר אַן עֵצָה, פֿאָטער בערַאלדוס. ווי אַזוי זאָל איך צוקומען צו דער פֿירשטין. אַ נאַנצע נאַכט האָב איך ניט געשלאָפען, דאָס בלוט האָט מיר אין קאָפּ געזעצט און איך פֿיהל, אז איך געה־אַראָפּ פֿון זינען.

בערַאלדוס: דו פֿרעגסט אַן עצה, אָבער עצות זענען דאָ פֿיערליי: consilium, persvasio, exhartatio, און incitatio. פֿון די אַלע פֿיער וועל איך דיר איינע אויך ניט געבען, פֿאַר מוֹרָא צו זינדיגען, אָבער איך קען דיר ניט אָבזאָגען פֿון צו שמיעסען אַביסעל גלאַט אַבסטראַקטיש. פּאַוועל פֿרעגט פּעטרעַ׳ן, ווי אַזוי זאָל ער בעהער־שען פּאולינע׳ס האַרץ. בעמעַ־ק: איך רעד דאָ וועגען אַ פֿרייווילינע ליעבע, וועגען fornicatio, אָבער ניט וועגען sturpum. דערויף ענטפֿערט פּעטער: אויב פּאולינע געהערט צו די קאַלטע נאַטורען און זי איז אַ טהעטיגע און אַן אויסגערעכענטע, דאַרף מען זיך זעהן איינ־האַלטען פֿון יעדער גראָבהייט און געוואַלדהייט; אויב זי איז אָבער אונזיטליך, פֿויל און ליידענשאַפֿטליך, דאַמאָלס איז דאָס פּאַמעליך־געהן שעדליך. פֿאַר אַזאַ פֿרוֹי איז פֿיעל אננענעהמער דער יוננערמאַן, וואָס ווייזט זיך אונטער דעם שלייער פֿון נאַכט, איידער יענער וואָס קומט ביי טאג צו זעהן זיך, און אַ מאַנסביל, וואָס קריכט אַריין דורכ׳ן פֿענסטער (ניט מיין אַז איך גיעב דאָ אַ רֶמֶז אויף דעם בעוואוסטען פֿענסטער אין גאָרטען) האָט תָּמִיד מעהר ווערטה פֿאַר יענעם. וואָס געהט אַריין דורכ׳ן טהיר....

יוריוס (שפּרינגט־אויף): גענוג, גענוג, איך האָב אַלץ פֿערשטאַנען, זיי געזונד, פֿאָטער בערַאלדוס. אַ נֵס אָדער אַ מֵת! (ער לויפֿט אַרויס).

---

## צווייטער אויפֿטריט.

בערַאלדוס (שרייט איהם נאָך): אָבער — איז פּעטער מוֹסִיף, מען מוז שטענדיג זיין פֿאָרזיכטיג... (ער געהט־אוועק פֿון טה ר) ער הערט ניט, דאָס הייסע בלוט האָט זיך צוקאָכט. אַזוי איז שוין בעשאַפֿען גע־וואָרען די וועלט. צוליעב דעם חֵטא פֿונ׳ם אַפִּיקוֹרֵס ווערען ניצול אַ סך צַדִיקִים. אָבער ווי פָּשוּט ער איז! איך בין גרייט צו שווערען, אַז ביי די פֿויערען אין נעדאַנקען איז ניטאָ קיין פֿאַלשקייט. סְפֵקוֹת איז אַ טייערע מִדָה. דער צווייפֿלער איז געגליכען צו א זעהענדיגען צווישען

בלינדע, אָבער, אַז דאָס צווייפלען געהט שוין איבער דעם גרענעץ פֿון שכל און זעהט אומעדום נאָר פֿאַלשקייט און רמאות, ווערט עס שוין אַליין בלינד. (עס קומט אַריין אַ קלויסטער-יונגעל)

דאס קלויסטער יונגעל: פֿאָטער, צו דיר איז געקומען דער הערר פּירשט.

בעראלדום: פֿיהר איהם אַריין. (דאָס יונגעל אָב. אין עטליכע ווייקע אַרום געהט אַריין דער פּירשט).

## דריטער אויפֿטריט.

(בעראלדום און דער פּירשט).

בעראלדום: זיי געבענשט, מיין זוהן. וואָס, ווידער האָט אַ זאָרג דיין געזיכט בעדעקט מיט אַ חמאַרע.

דער פּירשט: אַ חמאַרע קומט און געהט אַוועק, מיין זאָרג אָבער האָט זיך אין מיין זעעלע איינגעגעסען.

בעראלדום: וויים איך אויך פֿון איהר?

דער פּירשט: זי איז אַלעמען בעקאַנט. ס'איז אַ כּלל-זאָרג. ערשט דריי טעג און וויפֿיעל יסורים! דו ווייסט, פֿון מיין יוגענד אָן האָב איך שטענדיג גאָט געבעטען: אַז איך זאָל קיינעם ניט פֿערשאַפֿען קיינמאָל קיין ליידען, אַז מיין לעבען זאָל פֿליעסען רוהיג, ווי אַ שטילער טייך אין זיין בעט, און גאָט האָט מיין געבעט צו געהערט. איך האָב אָפּ-גענעלעבט מיין וועלט רוהיג און שטיל, אַלעמען ליעב געהאַט און גע-ליעבט געווען פֿון יעדען, אויף דער עלטער האָט מיר גאָט צוגעשיקט, אַלס בעגלייטער, אַ מלאך מיט אַ ריינער נשמה, אָהן פּחד האָב איך זיך פֿאָרבערייט צום טוידט, פֿיהלענדיג, אַז איך האָב מיינע פּפליכטען אין לעבען ערפֿולט און מיין געוויסען איז ניט פֿערפֿלעקט. נאָר זי אַליין, מיין טייבעלע, האָט מיר באַנג געטהון... עס האָט זיך געמאַכט אַ פֿאָלקס-קריעג האָט אונז גאָט פֿון פֿער-צווייפֿלונגס-נעגעל אַרויסגעהאָלפֿען: אַלע איינוואהנער האָבען זיך אויפֿגעהויבען צום פֿערטהיידיגען זיך, מוטהיג איבערטראָגענדיג די לאַנגע בעלאַגערונג. מיט אַ מאָל האָט זיך ביי אונז צום אונגליק בעזעצט דער פֿאַלשער גייסט פֿון פֿערראַטה און שנאה.

בעראלדום: ערפֿול דאָס, וואָס עס פֿערלאַנגט דער כּלל און עס וועט ווידער הערשען ביי איך די ליעבע.

דער פּירשט: ערפֿולען — וואָס? ווען זאָל איך פֿאָלגען, אַז

איך זיץ אין פּאַלאַץ רינגלען מיך אַרום די פְּרִיצִים מיט זייערע ווייבער. זייערע בַּקָשוֹת, פאָרוואורפע און טרערען נעהמען מיר אַרויס די נְשָמָה. אוי, די פּרויען! זיי וויינען אַזוי ביטער, זיי בעטען זיך אַזוי צו ראַטעווען זיי פון די גרויזאַמע ליידען, אַז אויך אין מיין ברוסט יאָמערט דאָס האַרץ. ווי נאָר אָבער איך געה אַרויס פון פּאַלאַץ, קוקען אויף מיר פון אומעדום יודען, אֶמֶת, זיי שווייגען, נאָר זייערע בליקען זענען אָנגעפילט מיט אַזוי פיעל געבעט, מיט אַזאַ מין פערצווייפלונג, אַז איך בעשווער זיך אַליין אין האַרץ, איך זאָל זיי ניט אונגליקליך מאַכען. היינט קאַסטראַ... ער איז אַזוי ריין און אַזוי ערהאַבען!

בעראַלדוס: נאָר קען דען זיין, אַז צווישען דאָס געבעט פון דיינע איינענע און די בליקען פון די יודען ווייסט דיין האַרץ ניט, אויף וועמעס צַד דו זאָלסט זיך שטעלען?

דער פירשט: איך וויים נישט, פאָטער... אָ, וויפיעל עֲנוּיִים איך האָב דערפון! אָ, גאָט, פאַר וואָס האָסטו מיך געמאַכט פאַר זייער אונווילענדיגען מיטעל-פונקט? צוויי שטורעמס פון מענשליכע ליידען האָבען זיך צוזאַמענגעשטויסען און האָבען זיך אָנגעקלאַפּט אין בלינדען צאָרן, און מיך האָט גאָט אַוועקגעשטעלט אויף דעם אָרט, ווי די צוויי שטורעמס בעגעגענען זיך. און זיי האָבען מיך, ווי אין דער מִדְבָּר אַ זייל זאַמד, אויפגעחאַפּט, אויפגעהויבען און געגומען מיך דרעהן און טרייבען מיך אום אַהין און אַהער. צוויי וועלטען פון מענשליכע ליידען האָט גאָט פאַנאַנדער-געוואָרפען אויף צוויי אונגליקליכע וואָג-שאַלען און מיין האַרץ האָט ער געמאַכט פאַר אַ פיהלענדען ווייזער, וואָס דאַרף געבען צו וויסען דאָס געוויכט פון די ביידענס פעק, כדי צו בעשליסען, וואו איז מעהרער צָרוֹת און יסורים.

בעראַלדוס: בעשליעס עס וואָס ניכער, וועסטו פערקירצען די יִסוּרִים.

דער פירשט: אֶמֶת, איך בענעהר אַליין זעהר שטאַרק אַ בעשלוס. זאָג מיר אויס דיינע אַלע בעווייזען און מיין אָפּגעשוואַכטער ווילען וועט זיך אויף זיי אָנלעהנען, ווי אַ הינקענדינער אויף זיינע קוליעס, און וועט זיך לאָזען געהן צו דעם אָנגעצייכענטען ציעל.

בעראַלדוס: דו ווינשט בעווייזען? זיי זענען דאָ אַזוי פיעל! איך וועל אָנהייבען דערפון, וואָס איך האָב אויף ריכטיג זיך דערוואוסט, אַז אויב מיר וועלען די יודען ניט אַרויסגעבען, וועלען די חלאָפּעס פון

אונז נישט אָפּטרעטען, ביז וואַנען פֿון אונזערע ווענד וועט איין שטיין ניט בלייבען.

דער פירשט: איז דאָס ריכטיג?

בעראלדום: בעטראַכט עס, אַט ווי אַזוי זיי מאַכען דעם חֶשְׁבּוֹן: זיי איז כְּדַאי צו וואַרטען דאָ מעהר מיט אַ וואָך, מיט צוויי, צו דריי און טאַקע מיט אַ חוֹדֶש, אַבי נור ניט אַוועק־געהן מיט נאָר נישט, וואָרום אַז די יודען פֿון אַנדערע ערטער וועלען דאָס דערהערען, וועלען זיי זיך אָבלערנען פֿון טולטשין און וועלען מיט מוטה זיך אומעדום בעוואָפֿענען.

דער פירשט: יאָ, ס׳איז גאַנץ מעגליך.

בעראלדום: צו זיי געהט פאלאוויאן, אַנדערע וועלען אויך קומען, און טולטשין קען ווערען דער הויפּט־פּונקט פֿאַר אַן אונגליק, און ווער וועט אין דעם זיין שולדיג — אויב נישט דו אַליין! בעטראַכט זיך נור: קענען מיר נאָך לאַנג, די בעלאַגערונג אויסהאַלטען? מיר זענען אינוועניג אין פֿעסטונג, אָהן ברויט, אָהן בליי און קיין שום אַחדוּת צווישען אונז איז נישטאָ. די פריצים פֿערזאַמלען זיך שוין אַלע נאַכט און סודען זיך.

דער פירשט: דאָס האָב איך שוין אַליין בעמערקט.

בעראלדום: בְּשַׁעַת־סַכָּנָה ערוואַכט אין דעם מענשען די חַיָה רעה... דער שׂוֹנא אָבער קען נאָך לאַנג וואַרטען, אומעדום, אין אַלע דערפֿליך. הויפֿליך און פֿאָרשטעדטליך וועלען זיי געפֿונען מיט־העלפֿער. אַלע פויערען זענען גרייט זיי דאָס ברויט זייערס אַוועקצונעבען און אַליין זיך שטעלען אין זייערע רייהען.

דער פירשט: אָ וועה! דאָס איז אויך אַן אֱמֶת!

בעראלדום: אַלזאָ, נאָך אַזוינע צרות, נאָך אַזוינע יסורים, טרערען, מַחֲלוֹקֶת, פֿאָרוואורפֿע פֿון ביידע צְדָדִים, וועט זיך ענדליך דער שׂוֹנא אַריינרייסען צו אונז. און וואָס וועט זיין דערפֿון? די יודען, וואָס זענען שולדיג אין די אַלע צרות, זיי אַליין וועלען דיר דאָס געביין אין יענעם טאָג פֿערשעלטען, און זיי וועלען זיין גערעכט... דער שׂוֹנא, שרעקליך אויפֿגערייצט פֿאַר אונזער לאַנגען ווידערשטאַנד, וועט זיי נעהמען פיינינגען אויף דעם שווידערליכסטען אופֿן — אָבער איצטער איז זעהר

מעֶנליך, אַז ער וועֶט זיי אָפּלאָזען, פֿאַר אַ רייכען פּדְיון. אָט זעהסטו אַליין, ווי מיט דיין פֿאַלש פֿריינדשאַפֿט מאַכסטו זיי נעבעך אונגליקליך.

דער פירשט: מעגליך...

בעראלדום: היינט וואָס ערוואַרטעֶט אונז, אונז! דאַן וועֶלען מיר אַלע אויך אומקומען, אָבער איצט איז אַזוי לייכט צו ראַטעֶווען זיך. ווער האָט דיר געגעֶבען דאָס רעכט דיינע אייגענע ברידער איבער־געֶבען צום טויט, אָהן אַ שום נויץ פֿאַר פֿרעמדע? איך בעט דיך זעֶהר! זיי ניט גרויסמוטהיג און ניט מאַך אונגליקליך די יודען צוזאַמען מיט די פריצים, זיי בעסער דאַרטהערציג וועסטו די און יענע ראַטעֶווען פֿון טויט.

דער פירשט: ביזט גערעכט, גערעכט! אין די שלאָפֿלאָזע נעכט האָב איך אַליין די אַלע ראַיות אין זינען געהאַט און האָב זיך גע־חידושט: פֿאַר וואָס איז די אונטרייהייט, דער פֿעֶרראַטה, אַזוי היים, קלוג און רעדט אַזוי, אַזוי שעֶן, און טרייהייט איז אַזוי אונבעהאָלפֿען, אַזוי דערשראָקעֶן, זי שטעֶהט מיט אַנ׳אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און שווייגט, בּשַעַת איהר געגנעֶרין מיט קלוגע גלאַטע ריידעליך נעהמט אין גאַנץ אַריין דעם פֿעֶרשטאַנד און גאָר וועֶן־ניט־ווען מורמעֶלט זי שטיל: און דאָך הייסטו פֿעֶרראַטה, און איך היים — טרייהייט. אָ, דאָס איז אַ וואָרט!...

בעראלדום: דאָס וואָס ביי די יודען וועט אויסווייזען אַ פֿער־ראַטה, וועט ביי די שליאַכטיטשען...

דער פירשט (שלאָגט איהם איבער): אָ, ניט פֿערפֿיהר מיך! דער יוד איז טריי זיין גאָט, דער שליאַכטיטש איז טריי זיין עֶהרע. נאַנץ פּוילען וועט מיך שענדען. מעֶן וועֶט זאָגען, אַז בּשַעַת סַכָּנָה האָט ער דאָס וואָרט געֶגעֶבען און נאָכדעם איז עֶר פֿאַר שרעֶק קליינמוטהיג געוואָרען און האָט זיך געלאָזט ראַטעֶווען מיט דעֶם אונגליק פֿון די פֿריינד. איך וועֶל פֿערפֿלעֶקען מיין בעֶריהמטעֶן יִחוּס און דעֶם זֵכֶר פֿון מיינע בראַווע אור־עֶלטעֶרן, שאַנעווע מיין עֶהרע!...

בעראלדום: אַוַדַאי שאַנעווע איך זי, מיין זוהן, און דעֶרפֿאַר טאַקי בעֶט איך דיך: ניט האָב קיין מוֹרָא פֿאַר אַ פּוסטעֶן קלאַנג! ווען דו וואָלסט די יודען פֿעֶרראַטהעֶן צוליעב נְקָמָה, אָדעֶר איינעֶנ־נוטץ, איז עֶפּעֶס אַנדעֶרס — דאַן וואָלט איך אַליין דיך גערופֿען פֿעֶררעֶטהעֶר דו אָבעֶר מוזט עס איצט טהון צוליעב דיין הייליגעֶן חוב. פֿעֶרקעֶהרט,

די קומענדע דורות וועלען דיין אָפּפֿער אָפּשאַצען. אין דיין צווייפֿלען, קעמפּפֿען מיט זיך אַליין, וועלען זיי ערשט דיין גרויסע נְשָׁמָה פֿערשטעהן. ניט שרעק זיך פֿאַר די ווערטער: בעטרוג, פֿערראַטה, שֶׁקֶר... אֱמֶת, דאָס זענען זעהר מיאוסע, פֿינסטערע ווערטער, פֿינסטערער פֿון דער חמאַרע. גיעב אָבער אַמאָל אַ קוק אויפֿ'ן הימעל, ווען די זון נעהט אונטער, ווי אַזוי איהר פֿייער שטעכט־דורך די וואָלקענס און זיי פֿערוואַנדלען זיך גלייך פֿון דונקעל־גרויע פֿלעקען, וואָס האָבען דעם הימעל מיאוס געמאַכט, — אין עכטער שענהייט און פּראַכט. אין ברענענדיגע הימעלס־פּערלען; אַזוי איז אויך מיט דעם בעטרוג, פֿערראַטה און שֶׁקֶר, ווען עס פֿאַלט אויף זיי ווען ניט איז אַראָפּ דער אָפּגלאַנץ פֿון אַ הייליגען, גרויסען ציעל. דאַמאַלס פֿערוואַנדלען זיי זיך אין העַרצענספּערלען און זיי זענען די בעסטע מַעֲשִׂים, וואָס מענשען קענען נור טהון. פֿערהאַן אויף דער וועלט אַ סַך אויפֿגעקלעהרטע, איבערהויפּט אין דייטשלאַנד, וואו דער טייוועל האָט זיך אַ נאָמען געגעבען ליוטער און האָט מענשען פֿערפֿיהרט. אָט דער טייוועל זאָגט, אַז דאָס ציעל מאַכט ניט כָּשֵׁר די מיטלען, אָ, בלינדע חֲכָמִים! משוגע זענט איהר! קוקט זיך צו אַרום אייך! בעטראַכט אונזער וועלט, וואָס איז פֿול מיט אַכְזָרִיוּת, זינד און געפֿאַלענהייט, איז זי דען ניט דורכאויס אַ נידעריגער מיטעל אין דעם בּוֹרֵא'ס הענד, אום צו דערגרייכען דעם העכסטען ציעל — צו ראַטען דעם מענשען? ווארום אויב דער שקר וואָלט ניט געדיענט אַלס מיטעל, צו וואָס וואָלט איהם גאָט בעשאַפֿען? אַליין אויף דער וועלט האָט גאָט בעשאַפֿען און אַליין דיענט צו איין העכסטען ציעל. פֿאַר וואָס, אַז גאָט האָט געוואָלט פֿערטרייבען די מענשען פֿון גַן־עֵדֶן, האָט ער זיי דעם פֿאַלשען שלאַנג געשיקט? גאָט אַליין אַנערקענט ניט פֿריהער דעם צַדִיק, ווי ער פּרופֿט איהם ניט אויס דורך דעם שָׂטָן. היינט קען שוין דער שוואַכער מענש זיין אַ צדיק מיט הוילע צדקות אַליין? די מוטער, ערציהענדיג אויף אַ גוטען וועג איהרע קינדער, מוז אָנקומען צום שֶׁקֶר און געוואַלדהייט. אַמאָל טאַקי צוליעב זייער טוֹבָה ווענען, אַ ריכטער, וואָס וויל דעם אֱמת דערגעהן, מוז זיך אָנטהון אין אַ מאַסקע פֿון פֿערברעכען און דרנאָךע אין אַ העמד פֿון אַ תַּלְיוֹן! אַזוי ווי דער גילדענער קרוין ווערט מיט אייזען געשמידט, אַזוי ווערט אויך דער אמת דורך דעם שֶׁקֶר בעשאַפֿען. אָ, אונגליקליכע בלינדע!

מיט זייער היהנערשען שׂכל וואָלטען זיי וועלען די נאַטור מְשַׁנֶה זיין. קען דאָס זיין, אַז דו ווילסט זיי נאָכטהון, מיין זוהן?

דער פירשט: דיינע ווערטער פערטרייבען פון מיין נְשָׁמָה די סְפֵקוֹת. אָבער בעווייז מיר וואו איז דאָ דער זיכער ציעל, צו וועלכען איך שטרעב: רעטען פון טוידט קען איך נור הונדערטער נְפָשׁוֹת און פערניכטען גאַנצע טויזענדער.

בעראלדום: ניט פאַר מיר, אַלטען נזיר, פּאַסט עס דאָס אירדישע לעבען אַנצורופען ציעל. וואָס איז מיר דאָס לעבען! דו זעהסט דאָך אַליין ווי טרויריג עס פליעסט דאָ מיין לעבען אין דער ענגער קעליע, ווי אַ קוואַל, וואָס רינט קוים ערגעץ אין אַ טיעף בעהאַלטענעם שפּאַלט. דער טויט איז דער איינציגער אויסגאַנג מיינער פון'ם דאָזינען שפּאַלט אין דער העלער ליכט, אויף אייביגער פרייהייט! דאָס אירדישע לעבען אַליין איז טאַקי ניט קיין ציעל, אַ ציעל איז אָבער דאָ אין לעבען, און דאָס ציעל בעשטעהט אין עֲבוֹדַת־הַבּוֹרֵא. וואהנענדיג צוזאַמען מיט אַפּיקורסים זענען מיר גאָטס חַיִל. איך און דו און אַלע פּריצים, וואָס האָבען זיך פערשטעקט אין טולטשין, זענען נויטיג פיר דער אויפבליהונג פון דער קירכע, און ווער ווייס, עס קען זיין, אַז ווען מיר וועלען מיט די חלאָפּעס שָׁלוֹם מאַכען וועלען מיר אויך זיי פאַר דער קירכע געווינען. דערמאָהן זיך ווי פיעל נִיצְמוֹת דו קאָנסט דערמיט פון אונגליק רעטען! וויפיעל קירכען קענסטו פערהיטען, מען זאָל זיי ניט מְחַלֵל זיין! מיט אַ מאָל וועסטו גאַנץ פוילען אויס־לעזען פון קריעג און מַחֲלוֹקֶת און דעם פריעדען, וואָס יעדער ווינשט איצט אַזוי שטאַרק וועסטו ברענגען אין לאַנד. קען דען זיין אַז דו האָסט אַזאַ הֶעָזָה דאָס אַלעס צו אָפּפערן פאַר אַ הַבְטָחָה, וואָס דו האָסט די יודען געגעבען, פיר אַ פּוסטען קלאַנג? נעהמען אויף זיך אַזאַ שווערע אַחֲרָיוֹת דאַרפסטו ניט און טאָרסט ניט!

דער פירשט (אויפהייבענדיג זיך פון אָרט): דו האָסט מיר מיט דיינע קלוגע רייד און בעשלאָסענהייט שוין אַביסעל צופיעל צוטומעלט, איך נעה איצט. ערגעץ אין אַ שטיל ווינקעל בעקלעהרען דיינע ווערטער, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך פיעל ערהאַבענעס, ווי ריכטיג דו בעווייזט, אַז ניט אַלע מאָל איז בעט־ונג און שֶׁקֶר — אַ זינד, איך האָב אפילו דאָס זעלבע אויך צייטענווייז געקלעהרט, אָבע־ איצט, הערענדיג עס פון

דיר, איז דאָס ביי מיר ווי ניי. זיי געזונד, פֿאָטער. היינט וועל איך שוין די זאַך פֿעסט בעשליסען.

בעראלדום: גאָט זאָל דיך שיטצען! (פֿאָרהאַנג)

### צווייטעס בילד.

(די סצענע שטעלט פֿאָר דער פירשטינס צימער, אַ פֿענסטער, וואָס געהט אין גארטען. די פירשטין דאַוועגט. אין אייניגע מינוטען, נאָכדעם ווי דער פֿאָרהאַנג הייבט זיך אויף, בעווייזט זיך אין פֿענסטער יוריום'ס קאָפּ. באַלד נאָכדעם קריכט ער אַריין אין צימער).

### ערשטער אויפֿטריט.

די פירשטין (פֿון געררויש קעהרט זי זיך אום און ג'עט אַ געשריי): קאָזאַק!...

יוריום (פֿאַלט אַנידער אויף די קניה): כ'בין אין דיינע הענד, בעשטראָף מיך, צו בעגנעדיג! סיי ווי סיי איז מיר אָהן דיר מיין לעבען קיין לעבען נישט. הייס מיר אַוועקגעהן, געה איך גלייך אַוועק, ניט זאָגענדיג קיין איין וואָרט.

די פירשטין (געהט צו צום פֿענסטער און קוקט זיך ארום): קיינער האָט מיט דיר זיך ניט בעגעגענט אין גאָרטען?

יוריום (הייבט זיך אויף): דאַכט זיך, קיינער ניט... הייסט עס, טרייבסט מיך ניט אַוועק?

די פירשטין (פֿערשפאַרט דעם פֿענסטער און קעהרט זיך אום צוריק): ווי אַזוי האָסטו, קאָזאַק, זיך געוואַגט אַריינקריכען צו מיר אין פֿענסטער? און אַז איך וועל באַלד אַ רוף געבען די היידוקען... מען וועט דאָך דיך הַרְגָ'ענען.

יוריום: דערויף בין איך געגאַנגען: געלעבט אָדער געשטאָרבען...

די פירשטין (לאַכט): אָט דאָס איז כ'לעבען אַן אונערוואַרטעטער גאַסט, דו קאָנסט דאָך מיך אָבער גאָר נישט, דו ביזט דאָך ערשט דעם דריטען טאָג דאָ אין פעסטונג.

יוריום: ווי נור דו האָסט אויף מיר דאָס ערשטע מאָל אַ קוק געטוהן, האָסטו מיך אַזוי ווי אונטער־געשאָסען.

די פירשטין: און איך האָב נאָך געמיינט, אַז ער איז אַ שעמעֶנדיגער!

יוריום: איך ווייס — דו ביסט אַ פירשטין און איך בין אַ קאָזאַק; איך אַליין וואונדער זיך, ווי אַזוי האָב איך געוואָגט אַהער זיך ווייזען, זאָגען, וואָס מיר האָט מוטה צוגעגעבען?

די פירשטין: וואָס?

יוריום: אַ גאַנצע נאַכט, אַ גאַנצע נאַכט חָלוֹמ'סטו זיך מיר. אין דער פינסטער ביזטו צו מיר אין שטיבעלע אַריין, איך בין אויפגעשפרונגען און האָב זיך צו דיר געוואָרפען. איך האָב זיך אָבער באַלד דערשראָקען, מיט אַמאָל הער איך ווי דו זאָגסט צו מיר: האָב ניט קיין מוֹרָא, יוריום — זיי דרייסט! איך האָב זיך פאַנאַנדער געוויינט און האָב דיך אומגעאַרעמט... אוי, מיין ליובע, אוי מיין טייבעלע! איך וואָלט זיך געלאָזען הענגען אַ גאַנצען טאָג אויף אַ האַקען פאַר אַ'ן שעה אַזעלכע...

די פירשטין: דו, שריי ניט אַזוי, קאָזאַק!

יוריום: פריה בין איך פון שלאָף אויפגעשטאַנען, ווי די זון איז נאָר אויפגעגאַנגען... און ביי דער ערשטער רֶגַע האָב איך געוואָלט אָנזאָטלען דאס פערד און לאָזען זיך אין סטעפ: פליה פערדעלע, פליה מיין טרייעס! קלינג, דו ערד, בלאָז, דו פריהמאָרגענדיג־ווינטעלע און פעריאָג, צעבלאָז מיין צַעַר. איך האָב זיך אָבער באַלד דערמאָהנט, אַז איך זיץ נאָר אין פעסטונג, און בין אַרויס אין גאָרטען, אוי, איך שעם מיך צו רעדען.

די פירשטין (לאַכענדיג): אַ קאָזאַק'ס בּוּשָׁה און וואַרעמער אייז זענען ברודער און שוועסטער...

יוריום: בין איך צו געגאַנגען אָט צו דעם פענסטער, איך זעה: ס'איז אָפען! האָב איך פאַנאַנדערגערוקט דעם פאָרהאַנג און האָב דערזעהן ווי דו ליגנסט און שלאָפסט... דיין באַק האָט געפלאַמט, ווי דער פאַרב פון מאָהן־בלומען, דיין ברוסט האָט זיך אַזוי בעוועגט און די הענד זענען געווען אַזוי צעשפרייט... איך האָב זיך שיער הויך ניט פאַנאַנדער געוויינט... פון רַחֲמָנוּת האָט זיך אין מיר מיין האַרץ איבערגעקעהרט.

די פירשטין: פֿון רַחֲמָנות? דו האָסט מיטלייד געהאַט? פֿאַר וואָס?

יוריום (ליידענשאַפֿטליך): און איך האָב בעשלאָסען: ניין! דאָס טאָר איך ניט דערלאָזען — די טראַנטעס, די קאָזאַקען, טאָ־ען ניט בעליידיגען — אַזאַ שיינקייט! ניט זיי זאָלען מיט זייערע שְׂכּר'ע גאָרגלען אָטהעמען אויף דיין פָּנים! גיכער וועל איך מיך לאָזען טייטען, איידער איך וועל עס ערלויבען! איך זאָל אפילו אַ ניעדערטרעכטיגער טאָטער זיין!

די פירשטין: אָבער שטילער! וואָס פֿאַר אַ גאָרגלען? איך הייב נישט אָן צו פֿערשטעהן.

יוריום: עך, גאָר נישט!... (אַ פּאוזע) דו קלערסט זיך: עט, אַ קאָזאַק... ניט מיין, איך בין נישט קיין קַבְּצָן, איך האָב נענוג שאָף און רינדער און ביהנען, אויף אַ באַרג, אַרום דעם דניעפּער, שטעהט מיין שטאַ־קע נַחֲלָה, אַ־ומגערינגעלט מיט הויכע טאָפּאָליען, מיין אַלטע מאַמע ערוואַ־טעט מיך דאָרטען...

די פירשטין: וואָס קעהר זיך מיט מיר אָן דיינע שאָף און רינדער און דיינע ביהנען.

יוריום: עך! זאָל זיין וואָס עס וועט זיין! אַז די קאָזאַקען וואָלטען געוואוסט, אַז איך האָב אויסגעפּלוידערט, וואָלטען זיי מיר די צונג אַרויס געריסען, אָבער מִסְתָּמָא איז אַזוֹי בעשערט, הער־זשע, מיין טייערע! די פּאַנען וועלען קיין האָניג נישט לעקען, וואָס עס זאָל זיך ניט טרעפען, צו מען וועט די יודען אַרויסגעבען, צו ניט, די פּאַנען זענען פֿע־לוירען, מען וועט זיי אַלעמען אויסשניידען, — אַלעמען, ווי אויפ'ן פֿעלד די זאַנגען!

די פירשטין: אָ, הייליגע מאַריע!

יוריום: שוויג, דיך אָבער קען איך ראַטעווען, אָדער ווילסטו מיך אָפְּשָׁר אַרויסגעבען? זאָג מיר, וועל איך גלייך אַ סוֹף מיט מיר מאַכען.

די פירשטין: לעג אַוועק דיין מעסער! ווי אַזוֹי קאָנסטו מיך רעטען?

יוריום: אויב עמיצער וועט אַ געשרעה טהון, אַז די קאָזאַקען

זענען אין פֿעסטונג, אַנטלויף ניכער אַהער אונטער׳ן פֿאָרהאַנג און בע־האַלט זיך. איך וועל דאַן באַלד קומען צו לויפֿען, וועל זאָגען, אַז דו ביסט — מיינע, דאַמאָלס וועט דער אַטאַמאַן אונז ביידען בעפֿרייען.

די פירשטין: הייליגע מאריע!

יוריום: דו וועסט ווערען מיין ווייב, דער פּאָפּ וועט אונז מקדש זיין.

די פירשטין: דיינע אַ ווייב?

יוריום: מיר וועלען ניט זיין אין אוקראינע די ערשטע. ניט וועניג פריצישע אַלמנות האָבען אויסגעקליבען פּראָסטע קאָזאַקען פֿאַר מאַנען. און איך בין דאָך אַ שליאַכטיטש.

די פירשטין: און אַ אפּיקורוס!

יוריום: און דיין קאַטוילישער גַלָח איז אַ טייערער חֲבְרָה־מאַן: ער האָט מיר אַליין געהייסען זיך צוקלעבען צו דיר, כדי זאָלסט אָנמאַכען אַ בייז לעבען צווישען דיין מאַן מיט׳ן יודען.

די פירשטין: קאָזאַק, זאָגסט ליגען.

יוריום: זאָל מיך גאָט שטראָפֿען! ערשט היינט בין איך ביי איהם געווען, ער האָט מיר דערצעהלט, אַז דו געוועלטיגסט איבער׳ן מאַן און אַז דו ליעבסט אַ יודען.

די פירשטין: דאָס איז אויך אַ שֶקֶר!

יוריום: קום אַוועק מיט מיר, וועסטו געפֿינען דעם אֱמֶת. ביי אייך זענען דאָ פְּרִיצִים, ביי די מאָסקאַלען — „חֲבְרָה״, ביי אונז זענען אַלע ברידער, מיר וועלען לעבען וואהל!

די פירשטין: נו, און וויפֿיעל מאָל אין טאָג רעכענסטו דאָס ווייב צו שלאָגען?

יוריום: ניין, ניין!... איך וועל איבער דיר ציטערען, איך וועל גאָט בעטען פֿאַר דיר, וויינען, נאָר דו זאָלסט מיך ליעב האָבען, מיין טייבעלע, דו זאָלסט מיר נור טריי זיין.

די פירשטין: און אויב איך וועל אונטריי ווערען?

יוריום: דאַמאָלס וועל איך הַרְגֶ׳ענען דיך מיט מיר צוזאַמען.

די פירשטין: דאַכט מיר, אַז איך וואָלט געקענט דיך ליעב האָבען.

יוריום: אָ, האָב מיך ליעב, מיין טייערע! איך זעה אַליך, דיין זאָרג און דיינע יסורים. ס'איז שוועֶר פאַר אַ טייבעלע צו לעבען אין איין נעסט מיט אַ מוילוואָרף (קראָט). און אַ יונג שען ווייבעלע — מיט אַן אַלטען מאַן. לאָז מיר אויסרעדען אַליך, וואָס איך האָב אין הארצען, דו ביזט מיר ליעב. דו האָסט מיר פערכישופ'ט מיין נשמה, אָהן דיר איז מיר פינסטער דער ליכטיגער טאָג. נעהם צו מיין פערד, מיין ביקס, מיין זעבעל. בינד מיך, פערשפאַר מיך ווי אַ טאָטער, נאָר זיי מיינע!

די פירשטין: טססס... דער פירשט געהט אַהער (זי קוקט אַריין אין פענסטער) קיינער נישטאָ, שנעל!

יוריום: (וויל זי אומאַרמען).

די פירשטין: לאָז־אָפּ!

יוריום: וועֶר עס לאָזט זיך אַרומנעהמען, לאָזט זיך אויך אַ קוש נעבען. (ער קושט זי און שפּרינגט אַרויס דורכ'ן פענסטער. די פירשטין שטעהט אונבעוועגליך. עס קומט אַריין דער פירשט).

---

## צווייטער אויפטריט.

(דער פירשט און די פירשטין).

דער פירשט: אַליין... די נשמה איז פערזונקען אין דמיונות,
אַפּנים אויך שמעטערלינגען האָבען זייערע רעיונות.

די פירשטין: פון וואַנען קומסטו?

דער פירשט: פון אַ וועלט־מיט צרות, זאָרג און שנאה... איך וועֶר פון אַזאַ וועלט נאָר דאַמאָלס פטור, ווען איך קום אַריין אַהער, אין דעם נעסט, וואו עס רוהט אונשולד און צניעות, אין דעם געצעלט פון אַ ערדישען פרומען מלאך.

די פירשטין: די פריצים האָבען זיך שוין לאַנג פערזאַמעלט און וואַרטען אויף דיר...

דער פירשט: איך ווייס, איך האָב זיי פערשפּראָכען צו זאָגען מיין בעשלוס, וואו נעהמט מען איהם אָבער? איך האָב אַפילו יאָ איין בעשלוס...

די פירשטין (אונגעדולדיג): דאָרט וואַרט מען...

דער פירשט: איך האָב בעשלאָסען, ביז אַ צייט פערגעסען אָן אַליך און געבען דיר אָפּרוהען פון אַלע מיינע ליידען, איינאָטהעמען דאָ די

הימלישע לופט פון לייבע און אמת; דא נעכען דיר וועל איך אפשר אליין אויך ווערען בעסער און אמת׳ער. איך הידוש מיך, ווי אזוי קען מיין אלט הארץ, וואס איז פון צרות און יאהרען שוין צעשלאגען, — ווי אזוי קען עס ענטהאלטען אין זיך אזוי פיעל ליעבע.

די פירשטין: איז דען איצט א צייט פון ליעבע צו רעדען? עס איז דא וויכטיגערע זארגען.

דער פירשט: רעד נישט פון זארגען, פון זיי איז די זעלע שוין פערקיהלט געווארען, ווי אייז. איך וויל זי צעשמעלצען אין א שמועס וועגען דעם, וואס איז מיר ליעבער פאר אלץ אין דער וועלט. און וואס איז דען מיר טהייערער, אלס דו?

די פירשטין: ניין, ניין... איך בעט דיך...

דער פירשט: אוי, די יוגענד! זי האט ניט ליעב צו שמועסען מכח דעם, מיט וואס ס׳איז פול דאס הארץ. זי פערשטעהט אזוי אויך די בלעטער פון רוישענדען לעבען, נאר דאס עלטער איז א פלוידערזאק, און עס לעזט הויך אויפ׳ן קול, כדי קומען צו הילף דעם בליק, וואס זוכט אין אפגעמעקטע צייכענס פון לעבען צו געפינען דעם פערגעסענעם זין.... איך וועל דיר זאגען, וועגען וואס איך האב געקלעהרט, ווען איך בין אהער געגאנגען. איך האב אזוי געטראכט: וועמעס ליעבע איז א שטארקערע: דעם יונגען־מאנ׳ס אדער דעם אלטען־מאנ׳ס? און איך האב דערקלעהרט, אז דעם אלטענ׳ס איז שטארקער. די גריכען דערצעהלען א לעגענדע וועגען נארציס׳ען. ער האט זיך אליין א מאל דערזעהן אינ׳ם שפיעגעל פונ׳ם טייך און האט זיך ווילד פערליעבט אין זיך אליין, אט דאס איז א ריכטיג בילד פון דער יוגענדליכער לײדענשאפט. אין אונזער יוגענד האבען מיר נישט די פרוי אליין ליעב, נאר אין דער פרוי ליעבען מיר זיך אליין, מיר ליעבען אונזער אייגען בילד, וואס עס שפיעגעלט זיך אין איהר אב. ווען א בליהענדער יונגערמאן לאסטשעט און גלעט די שענע גליעדער פון א יונגער בליהענדער שענהייט, צערטעלט ער און גלעט עס זיך אליין, זיין אייגענעם יונגען לייב, ווען ער קושט זי קושט ער דאס זיינע ליפען, אין אויפ־רעגונג ברענגט ער זיין אייגען בלוט. אט פאר וואס די יוגענד איז אזוי אונטריי. וואס מאכט עס אויס דער יוגענד, אין וועלכען שפיעגעל, אין וועלכען טייכעל זי קוועלט פון זיך אליין אן? אנ׳אלטער־מאן איז אבער נאר

אַנדערש. אַז ער בעקומט ליעב, צעגעהט ער אַליין אינגאַנצען אין זיין ליעבע, גלייך ווי דער בוימעהל, וואָס בעלייכט דאָס היילינגע בילד, ווערט פערשווינדען אין זיין ליכט. וואָס ליעבט דער אַלטער? וואָס ליעב איך אין דיר? ניט דיין שענהייט, חאָטש קיין גרעסערע שענהייט, ווי דו, איז ניטאָ, אַז מען זאָל זוכען פון קראָקאָ ביז ווילנא און ווארשא; אויך ניט דיין חָכְמָה, חאָטש קלינער פון דיר איז אויך ניט צו געפינען. איך האָב נאָר ליעב אין דיר דיין ריין האַרץ, די תְּמִימוּת פון דער קינדערשער נְשָׁמָה. איך האָב ליעב אין דיר יענע שענהייט, וואָס וועלקט נישט, יענע חָכְמָה, וואָס וועט קיינמאָל ניט בעטריגען. און איך בין גליקליך אָהן אַ מאָס; אָ, פיעל מאָל גליקליכער, פאַר אַלע גליקליכע יונגע לייט, זיי ערוואַרטעט אייפערזוכט, אונטרייהייט, אינטריגען, נְקָמָה...

די פירשטין: אָ, שוויג! דו צעריסט מיר דאָס האַרץ.

דער פירשט: מיט וואָס, מיין ליעבער פריינד?

די פירשטין: ווי גוט דו ביסט און איינגעגלויבט! צו אַזאַ ווי איך האָסטו פערדיענט ביי גאָט!

דער פירשט: איך העד שוין פון דיר אַזעלכע רייד ניט דאָס ערשטע מאָל. אַזוינע ווערטער מאַכען מיך שטענדיג וויינענדיג און לאַבענדיג. מיר דאַכט, אַז מַלְאָכִים האָבען ליעב, מעהר ווי אַנדערע, צו חֲרָטָה האָבען אויף זייערע זינד, ווער עס האָט אַזאַ ריינע זעעלע, ווי דו, דער בעמערקט אויף איהר מיט צַער דעם קלענסטען שאָטען.

די פירשטין: ניין, איך קען שוין מעהר ניט!... מיר איז שרעקליך דאָס צו הערען, פאַר וואָס בין איך אָנגעקומען צו דיר, היילינגען מענשען — איך, אַזאַ נידעריגע!? איך...

דער פירשט: מיין גאָט! מיט וואָס האָב איך זוֹכֶה געווען אַזאַ גליק!

די פירשטין: אוי, וועה איז מיר!

דער פירשט: זעץ זיך אַוועק נעהנטער צו מיר, אָט אַזוי! איצט קוק מיר אין די אויגען אַריין. אָ, ווי פערשווענדעריש די נאַטור איז געווען צו דיר!

די פירשטין: מיין זינדיגער בליק שרעקט זיך פאַר דיינע אויגען...

דער פירשט: קינד מיינס, קינד! דו רעדסט נאָר ווענען זינד. ווייסטו

דען וואָס זינד הייסט! דאָס וואָס ביי דיר הייסט זינד איז עס נאָר צְנִיעוּת.

די פירשטין: צְנִיעוּת!... אַך אַמאָל איז דאָס דאָזיגע וואָרט ניט נאָר בלויז אַ וואָרט ביי מיר געווען—שוין־זשע איז אויף דער וועלט פֿערהאַן צְנִיעוּת?

דער פירשט (מיט חוזק): אָ שרעקליך! נאָר דערצעהל מיר שוין פֿאָרט דיינע עֲבֵירוֹת, אַז ניט האָב איך מוֹרא דעם קאָפּ איינצוביינגען, קענסט נאָך מיינע ווייסע האָר אין רויטע בלוט פֿארבען. —

די פירשטין: ווייסע האָר... בלוט... אָ, העלף מיר, גאָט! הער־זשע מיך אויס. ווי אַזוי רופֿט מען דעם, ווער עס האָט פֿאַר ליעבע און פֿערגעניגען בעשלאָסען צו בעצאָהלען מיט פֿינסטערער אונטרייהייט און מיט יסורים, און מיט טויט פֿון אונשולדיגע...

דער פירשט (רייסט איבער): אַהאַ, איך פֿערשטעה שוין, וואָס עס טהוט דיר אַזוי לייד. הייסט עס, דיך פּלאָגט אויך דאָס געוויסען פֿאַר די אונגליקליכע יודען! אַך מיין ליעבער פֿריינד! דער פֿערראָטה איז אָפּט־מאָל ניט שרעקליך! צייטענווייז זענען אַזוינע זאכען ווי בעטרוג, פֿערראטה, קיין עֲבֵרה ניט.

די פירשטין: וואָס זאָגסטו? צייטענווייז זענען אַזוינע זאַכען ווי בעטרוג און פֿערראָטה קיין עֲבֵרה ניט!?...

דער פירשט: אָ, מיין פֿריינד! וואָלסט נאָר געהערט, ווי אַזוי דער פריסטער האָט עס מיר מיט שענע רעד דערקלעהרט!

די פירשטין: דער פריסטער... און דו ביזט איינשטימיג מיט איהם?

דער פירשט: איינשטימיג, ער האָט מיך כמעט שוין איבערצייגט, נאָר פֿון איהם אַוועקגעהענדיג,האָב איך בעגעגענט קאסטרא'ן און האָב פֿערגעסען דעם פריסטער'ס אַלע רַאיוֹת — דאָס הייסט, פֿערגעסען האָב איך זיי ניט, איינציג־ווייז געדענק איך זיי, נאָר צונויף־נעמען זיי אַלע, אז עס זאָל ווערען איין גאַנצעס, דאָס קען איך ניט. זעהסט, אָט זענען מיר ווידער אַרויפֿגעקומען אויף זאָרג. מען וואַרט שוין אויף אונז דאָרט פֿון לאַנג, געהסט מיט מיר?

די פירשטין (צעטראָגען): יאָ.

דער פירשט: ווי טיעף דו קענסט פיהלען! ווי דו דורשסט נאך דעם אמת! מיין רייגער מלאך! (ער קושט זי אין קאפ).

(זיי געהען אוועק, די סצענע בלייבט א וויילע ליידיג, עס קומט אריין קאסטרא און מאגדוסיע).

---

## דריטער אויפטריט.

(קאסטרא און מאגדוסיע).

מאגדוסיע: די הערין איז דא נישטא. זי איז אוועק געגאנגען.

קאסטרא: וואוהין?

מאגדוסיע: זי איז אוועק אויבען.

קאסטרא: איך וועל ווארטען, אפשר וועסטו איהר געהן זאגען.

מאגדוסיע: איך וועל איהר זאגען, אז דו ווארטסט אויף איהר (אב).

## פיערטער אויפטריט.

קאסטרא: (אליין) ביז אהער האב איך ניט געוואוסט, ווי אזוי אין מענשליכען הארצען וואקסען־אויס בייזע מעשים. איך האב געמיינט, אז דער קאמפף, וואס קומט דארט פאר, איז נאט ווייס ווי לאנג, אז דער געוויסען פלאגט אונז טאג און נאכט. עפעס איז דאס גאר נישט אזוי, גאר נישט אזוי... פלוצלינג פליהט אריין אין הארצען די דונקעלע ענטשלאסענהייט און ציהט אונז מיט געוואלדיגער קראפט צום פערברעכען. ווער וואלט עס מיט א שעה צוריק געגלויבט, אז איך, יוסף קאסטרא, איך, שרה'ס מאן, וועל קומען פערפיהרען א פרעמד ווייב! אמת, מיט א שעה צוריק איז נאך געווען א האפנונג, איך האב נעגלויבט נאך אין דעם פירשט... ווי האט ער זיך אבער אומגעביטען! ווי פער'השכ'ט איז ער געווארען! ווי ער האט מיך דערזעהן, האט ער געוואלט פערביי־געהן, פון דעסטוועגען האט ער מיך צוגערופען און האט מיר געזאגט: „צו איז ניט מעגליך אויפצופענען די קאזאקען די טויערען מיט דעם תנאי, אז ווען זיי וועלען צונעהמען פון אייך דאס אויסלייז־געלד זאלען זיי אבטרעטען?" — וואס איך האב איהם דערויף געזאגט, געדענק איך ניט. ניין, איך האב טאקי גאר נישט געזאגט. איך האב נור, שווייגענדיג, אין די אויגען איהם א קוק געטהון — און

ער איז פֿערביי־געגאַנגען. ביי מיר האָט זיך דאָס האַרץ ווי אָפּגעריסען, קוים וואָס איך בין איינגעשטאַנען אויף די פֿיס. אַליץ איז פֿערלוירען, אַליץ! ער, דער בעסטער פֿון זיי אַלעמען, האָט בעטראָגען, קיין רַחֲמָנוּת ניט געהאַט, פֿערשטויסען. דאַן האָב איך דערהערט, ווי אין מיין האַרצען רופֿט א שטימע: „געה געשווינד צו יענער פֿרוי, וואָס איז אויף די קניע פֿאַר דיר געפֿאַלען, געה און ווער אַ ליגנער, מאַך זיך, אַז דו ביזט אין איהר פֿערליעבט! זי איז איצט דיין לעצטע האָפֿנונג!... דאָס אונגליק איז פֿיעל שטאַרקער פֿאַר אַלע מַעֲשִׂים־טוֹבִים, און איך בין געקומען! שוין־זשע בין איך עס? בעטראַכט זיך, יוסף! גאָט זעהט אַליץ! און אַ געוויסען איז אויך פֿערהאַן... דערמאהן זיך אָן דיין ווייב!... זעהט ווירקליך גאָט אַליץ?... היינט צו וואָס זאָל איך פֿערליהרען גלאַט געקינצעלטע רייד? דו זעהסט דאָך, גאָט, אַז איך בין ניט געקומען צו גענִיסען פֿערגעניגען... מיין פֿאָלק, מיין פֿאָלק געהט פֿערלוירען, — דיין פֿאָלק! בעסער שוין, אַז איך זאָל פֿערלוירען געהן! זאָל בעסער מיין נְשָׁמָה אויף יִסוּרִים אַוועק־געגעבען ווערען, קיין אַנדער וועג אויף נִיצוּל צו ווערען זעה איך ניט אַרוים! און אויב עס איז יאָ דאָ עפּעס אַ וועג, בעוויז מיר איהם, דו גוטער גאָט, בעלייכט מיין פֿערדונקעלטען פֿערשטאַנד. אָ, ווי עס ציטערט מיין דערשראָקען האַרץ! שוין־זשע וועל איך טאַקע באַלד די יונגע פֿירשטין צודריקען צו מיין ברוסט?...

(עס קומט אַריין די פֿירשטין).

---

## פֿינפֿטער אויפֿטריט.

(קאסטרא און די פֿירשטין).

די פֿירשטין: דו האָסט מיך גערופֿען? (קאסטרא שווייגט) וואָס ווילסטו זאָגען, שטאָלצער שפּאַניער?

קאסטרא: ניט שטאָלץ בין איך... איך בין שוואַך און זינדיג...

די פֿירשטין: דו טרייבסט שפּאַס? דו? קען דען די האַרטע ביהן זיך פֿערוואַנדלען אין אַ פֿרעהליכען שמעטערלינג?

קאסטרא: איך בין ניט אַזוי האַרט, ווי איך ווייז צייטענווייז אויס. דאָס האַרטע מזל מאַכט דעם מענשען ווייך.

די פֿירשטין: איך פֿערשטעה דיך ניט.

קאסטרא: דו רופסט מיך ביהן. עס קען זיין — אָבער איך בין אַ ווילדע ביהן, איך זאַמעל מיין האָניג בסוד. קיין מענש זאָל ניט זעהן.

די פירשטין: פאַר דעם דאָזיגען האָניג שעץ איך דיך, ווי גאָט; דער מין האָניג איז אַזוי ווענינ צווישען מענשען—אֱמֶת הייסט ער.

קאסטרא: ניין — ליעבע...

די פירשטין: דו ליעבסט? וועמען־זשע?

קאסטרא: דיך, פירשטין.

די פירשטין (קוקט איהם לאַנג אין די אויגען): איך האָב נע־מיינט, אַז דו ביזט ניט גלייך צו אַנדערע, און קיין ליגען קענסטו ניט זאָגען.

קאסטרא: איך זאָג נישט קיין ליגען.

די פירשטין: נו, און וואָס איז עפּעס מיט'ן גרויזאַמען גאָט, וואָס שטראָפט אויפ'ן הימעל? (קאסטרא שווייגט) היינט דיין שָׂרָה? מיין מאַן, אייער בעשיצער?

קאסטרא: צו וואָס זאָגסטו מיר אַלץ איצט?

די פירשטין: איך קען דיר ניט גלויבען, מיר דאַכט, אַז דו טרייבסט שפּאַס.

קאסטרא: ניין איך שפּאַס ניט.

די פירשטין: אויב דו טרייבסט קיין שפּאַס, שטעל זיך אויף די קניע, (קאסטרא נאָך איין מינוט אונבעשלאָסענהייט, שטעלט זיך אויף די קניע, די פירשטין קעהרט זיך פון איהם אָפּ) איהר זענט אַלע מיאוסע ליגנער! (אין טהיר בעווייזט זיך דער פירשט, דערזעהענדיג קאסטרא'ן אויף די קניע, בלייבט ער שטעהן). יענע פרוי איז אַ אונזיניגע, וועלכע בלייבט אייך טריי.

---

## זעקסטער אויפטריט

(די זעלבע און דער פירשט).

דער פירשט: וואָס איז דאָס אַזוינס?

די פירשטין: דער „זשיד" ערקלערט זיך מיר אין ליעבע. (קאָסטרא הייבט זיך אויף, אַ לאַנגעס שטילשווייגען).

דער פירשט: עֶה, מֶענשֶׁען, מֶענשֶׁען, מֶענשֶׁען! געֶשׁווינד אַהעֶר, מעֶנשֶׁען, מעֶנשֶׁען, (עס געהן אריין די בעדיענטע) געֶשׁווינד נעֶהמט דעֶם יודעֶן אַוועֶק! נייִן, טרעֶט־אָפּ. דעֶם הינד־אויפזעֶהעֶר ברעֶנגט אַהעֶר. איך וועֶל איהם לאָזעֶן דורך הינד צעֶררייסעֶן! רופט אַריין די פּריצים אַהעֶר! און איך, שוטה, האָב זיך אַוועֶקגעֶלעֶגט פאַר אַזאַ מיאוסקייט (עס קומען אַריין די פריצים, וויסאָצקי, סינעלסקי, זשובר, און אַנדערע, דער פּאָטער בעראַלדוס און יוריוס).

## זיעבענטער אויפטריט.

(די זעלבע, פריצים, בעראַלדוס און יוריוס).

סינעלסקי: וואָס איז דאָ פאַר אַ טומעֶל?

דער פירשט: שטעֶל זיך פאָר: אָט דעֶר פאַרך, אָט די מיאוסעֶ בריה, דעֶר אַבשייליכעֶר יוד, אָט דעֶר כּלב, האָט זיך געֶוואַגט עֶרקלעֶהרעֶן דעֶר פירשטין אין זיין עפּוש׳דיגעֶר ליעבעֶ.

בעראלדוס: עֶס קעֶן ניט זיין!

סינעלסקי: מעֶן דאַרף איהם צופּאַסעֶוועֶן מיט נאַהייקעֶס!

זשובר: צונויף־בינדעֶן מיט אַ חזיר!

סטרום: פעֶרגראָבעֶן אין מיסט!

וויסאצקי: לאָזט מיך. איך וועֶל מיט איהם, מיינעֶ העֶררעֶן, זיך אָברעֶכעֶנעֶן אויף דעֶר וועֶלט. אָט איז דעֶר זעֶבעֶל. (עס קומט אַריין אַ הינד־אויפזעהער).

## אכטער אויפטריט.

(די זעלבע און דער הינד־אויפזעהער).

דער הינד־אויפזעהער: וואָס פעֶרלאַנגט דעֶר פאַן?

דער פירשט: שטעֶהט, דו, קאָזאַק, ביזט דאָ? גרייט זיך, מעֶן וועֶט אייך היינט אויפעֶפעֶנעֶן די טויעֶרעֶן.

סינעלסקי און בעראלדוס: דאַנקעֶן גאָט.

דער פירשט (צום ווייב): מיין ליעבעֶר פריינד! ס׳איז ניט כּדאַי צו אויפרעֶגעֶן זיך. אַ יוד איז ניט אימשטאַנד אונז צו בעֶליידיגעֶן.

דער הינד־אויפזעהער: וואָס פֿערלאַנגט דער פּאַן צו טהון מיט די הינד?

דער פירשט: ניין, איך וויל ניט, אַז מיין הויף זאָל בעשמוצט ווערען מיט'ן מיאוסען יודישען בלוט. זאָלען בעסער די קאָזאַקען פֿון איהם די הויט אַראָפּשינדען, לאָזט איהם דורכנעהן, אַרויס, קרעטשיגער זשיד, אַרויס! (קאַסטראָ געהט דורך צווישען צוויי שורות לאַבענדיגע פּריצים און בעדיענטע).

(דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט).

---

# דריטער אקט.

## ערשטעס בילד.

(אַ בית־מדרש, דער רב, רבי אהרן, אין אַ ווייסען קיטעל, שטעהט פֿאַר'ן עמוד מיט'ן פּנים צום עולם, און האַלט אין דער הויך, ווי ביי'ן דאַווענען, די הענד. עס לויפֿט אַריין אַ יוד).

---

### ערשטער אויפֿטריט.

(ר' אהרן און דער יוד).

דער יוד: רבי, רבי! דער שפּאַניער האָט אַלעמען פֿערזאַמעלט אויפֿ'ן פּלאַץ און רעדט־איין מיט בייזען, אַז מען זאָל אָנפֿאַלען אויף די פּריצים און אויס־הרג'נען זיי.

ר' אהרן: געה, מיין זוהן, געה, ווער געוואָהר, וואָס טהוט דאָס פֿאָלק? (דער יוד אַב).

---

### צווייטער אויפֿטריט.

ר' אהרן (אַליין): גאָט פֿון אַבְרָהָם, פֿון יִצְחָק און פֿון יַעֲקֹב, גאָט פֿון אונזערע זיידעס און הייליגע אָבות, גאָט איבער אַלע הערשאַפֿט, דו אֵל קַנָּא וְנוֹקֵם! זיי מיר מוֹחֵל, וואָס איך האַלט אַזוי לאַנג אָפּ און ברענג ניט צו דיר די פֿערבלאָנדזשעטע קינדער. איך גלויב

בֶּאֱמוּנָה שְׁלֵמָה, אַז דערפַאר וואָס דו שטראָפסט אַזוי דאָ אויף דער נאַרישער וועלט ווֶעסטו אונז אויף יענער וועלט בעלוינען. אָבער זיי מוֹחֵל, וואָס מיין אֱמוּנה איז נאָך ניט ווי געהעריג איז. איך בין דאָך ניט מעהר ווי אַ בָּשָׂר־וָדָם, ניט מעהר ווי אַ חוֹמֶר, און איך האָב אויפ'ן חוֹמֶר רַחֲמָנוּת. איך האָב רחמנות אויף די קליינע קינדערליך, וואָס דאַרפען אומזיסט־אומגישט אומקומען, איך האָב רחמנות אויף די מאַמעס, וואָס וועלען מוזען צוקוקען דעם טויט פון זייערע ליעבע קינדערליך... דאָך בין איך גרייט. דאָך גֶעה איך, מיין גאָט, צו אויס־פיהרען דיין שרעקליכען מִשְׁפָּט... עס וועט ניט לאַנג דויערן און דער אַכְזָר'דיגער פיינד, וואָס איז אַ בלינד געוועהר פאַר דיין רצוֹן, וועט אונז אַלע אָנטהון די שווערסטע יְסוּרִים און עִנּוּיִים. העלף־זשע אונז גאָט, אַז אין די שרעקליכע מינוטען זאָלען מיר ניט פעלשען אין דער הייליגער אֱמונה פון אונזערע אָבוֹת. מיר זאָלען די שטראָף מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה זיין און דעם הייליגען ווילן פון דיין בייזען צאָרן זאָלען מיר בכֹּהַ זיין מיט שִׂמְחה אויסצוטרינקען ביז'ן דעק, און אויב ווֶעמען פון אונז וועט דערצו מוּטה פעהלען און וועט זיך קלאָגען,—זיי איהם מוֹחֵל, ווייסט דאָך, אז דער מענש איז שוֹאַך. אָבער אַז די יסורים פון דער נאַרישער וועלט וועלען שוין נעהמען אַ סוף, שיק אונז גלייך אַראָפּ אַ ריינעם מַלְאָך, ער זאָל דורכפיהרען אונזערע נשמוֹת אויפ'ן הימעל דורך דעם ליכטיגען וועג פון די הייליגע קדוֹשִׁים, וואָס זענען אומגעקומען אויף קִדוּש־הַשֵּׁם, דורך דעם וועג פון רַבִּי אֱלִיעֶזֶר, רַבִּי שִׁמְעוֹן און רַבִּי עֲקִיבָא, רַבִּי יְהוּדָה און רַבִּי חֲנִינָא און נאָך אַזוינע אויסדערוועהלטע, חאָטש איך בין ניט ווערט אין זייערע שטעגען צו געהן. זיי אַלע זענען געגאַנגען צום טוידט, זינגענדיג פרעהליכע תפילות, ווי חֲתָנִים אין דעם טאָג פון דער חוּפּה, און איך געה און וויין ווי אַ קליין קינד. זיי מיר מוֹחֵל, גאָט, — זיי מיר מוֹחֵל, די דאָזיגע טרערען !... —

וואָס־זשע וואַרט איך ? וואָס־זשע וואַרט איך, מיין גאָט ? גיעב מיר כּחות צו פערלאָזען דאָס דאָזיגע הויז, וואו מיין טונקעלער שֵׂכֶל האָט זיך אַזוי אָפט געמאַטערט צו פערשטעהן די סודות פון דיין הייליגער תּוֹרה, וואו איך האָב פערגאָסען פאַר דיר אַזוי פיעל טרערען, כְּדֵי אויפצועפענען די טויערן פון הימעל. שוין צייט צו געהן.... לעב וואָהל, דו שטילעס הייליגעס הויז, וואָס אין דיינע ווענד קלינגען אַזוי פיעל

הייליגע תפילות! לעבט וואהל, איהר הייליגע ספרים, איהר קוואלען פון חכמה! אויך דו לעב וואהל (ער נעמט ארויס פון ארון־קדש א ספר תורה), דו געטליכע תורה, דעם פאלק ישראל׳ס פאטערלאנד, דער וועלט׳ס האפען; צווישען די ערדישע מדבריות, דו הימלישער שוץ; צווישען דעם רוישענדען ים, דו בליהענדער אינזעל. דו עיר־מקלט פאר אלע ליידענדע און צעבראכענע הערצער, דער וועג צום גוטען, קיהלער אטהעם פון גאט׳ס לעפצען, נחמה פון נשמות, פערל פון הארצען, קוואל פון ליעבע און אייביגען לעבען, דו אונפערלאשענעס ליכט, גליקליכקייט און פריעדען. נאר דיך אליין האב איך ליעב געהאט ווי א כלה, נאר דיך אליין האב איך געהיט ווי א ווייב. דו ביזט מיר געוועזען איין העלדענטאט און איין בעלאהנונג, דו ביזט מיר געוועזען א מיה און א זיסער אפרוה, דו ביזט געוועזען מיין ציעל און דער וועג צום ציעל. וואו זאל איך דיר, מיין שאטץ בעהאלטען? ווי אזוי זאל איך דיך פערהיטען פון דעם שונא׳ס שמוציגע הענד? (ער קושט זי) אוי, אז איך וואלט געקענט מיט מיין לעצטען קוש ארויסלאזען אויך מיין לעצטען אטהעם, פערקיהלט ווערען אויף אייביג מיט מיין לעצטער טרער!... (ער שטעלט ארייַן צוריק די תורה) איך וויין ווידער, אבער שוין ניט מיט טרערען פון צער, מיין גייסט הייבט אן העל צו ווערען, ווי אין פריהמארגען דער הימעל. א דאנק דיר, גאט, וואס איך בין געבוירען געווארען א יוד, וואס איך בין א קינד פון דעם אויסדערוועהלטען פאלק, וואס דו האסט זיי א נאמען געגעבען ממלכת כהנים און גוי קדוש, א פאלק, וואס רעכענט זיך פאר דיין בכור. נאך איידער די וועלט איז בעשאפען געווארען, ווען אומעדום איז נאך געוועזען וויסט און לעער, ערד און הימעל זענען נאך ניט געווען פערנאנדערגעטהיילט, און דיין הייליגער גייסט האט נאך איבער דעם תוהו־ובוהו געשוועבט און געטראכט וועגען דער קינפטיגער בריאה, האסטו זיך פלוצלינג אנגעצינדען, ווי א חמארע פון א בליץ, מיט דער שעפפונג־פאנטאזיע און די דאזיגע פאנטאזיע איז געוועזען דאס פאלק ישראל. און פון דער מחשבה וועגען איהם, האט זיך ענטוויקעלט, ווי פון א קערן א געוויכס, די גאנצע וועלט. אליך האסטו פון איהם און פאר איהם בעשאפען: די וועלט, כדי ער זאל דיך געדענקען; זינד און הבלים, כדי ער זאל האבען א יצר־הרע אויף צו בעקעמפפען; דחקות, כדי ער זאל קענען זיין גייסט פערהארטעווען; פעלקער, כדי ער זאל

זיך מיט זיי ניט פֿערמישען: שׂוֹנְאִים, כְּדֵי צוּ שטראָפֿען איהם פֿאַר זיינע זינד; עוֹלָם־הַבָּא, כְּדֵי צוּ בעלוֹינען איהם פֿאַר זיין אֱמוּנָה. אָ, גאָט! אַלץ האָסטוּ פֿוּן זיינעט וועגען בעשאַפֿען, איהם אַליין האָסטוּ אָבער פֿוּן דיינעט וועגען נאָר בעשאַפֿען: ער זאָל בעוואוּסט מאַכען דיין גרוֹיסען נאָמען, ער זאָל זיין ווי אַ לעבעדיגער שפּיגעל פֿוּן דיין רוּהם; ער זאָל בעגרייפֿען דיין מעכטינקייט. דאָס פֿאָלק יִשְׂרָאֵל האָט אָבער פֿערגעסען זיינע הִתְחַיְבוּת צוּ דיר און דוּ האָסט איהם דערפֿאַר איבער־געגעבען צוּ אַלערליי שרעקליכע רְדִיפוֹת, נאָר אַפִילוּ אין גָלוּת, איז ער אַלץ ווי אַמאָל, נאָך דיין ליעבלינגס־בְּכוֹר. עס וועלען דוֹרוֹת פֿערשווינדען, מְלוּכוֹת פֿאַלען און אוֹיפֿשטעהן, טייכען וועלען אוֹיסטריקענען, זאַמד־פּלעטץ וועלען אָנהייבען צוּ בליהען, די יַבָּשָׁה מיט'ן ים וועלען זיך פֿערבייטען מיט די ערטער, אָבער ביז וואַנען דער הימלישער געוועלב וועט זיך מיט דער ערד ניט צוזאַמענגיעסען ווידער אין אַ אַמאָליגען תּוֹהוּ־וָבוֹהוּ, וועט אַלץ יִשְׂרָאֵל — צוּ אין קייטען פֿוּן אַ קנעכט, צוּ אין אַ מאַנטעל פֿוּן אַ מוֹשֵׁל — אַרוּמגעהן אוֹיף דער וועלט און לוֹיבען דעם איינציגען גאָט. נאָר וואָס איז דאָס אַזוֹינס מיט מיר געשעהן? עפּעס פֿיהל איך, ווי מיין שוואַך־האַרץ איז דורכגענומען פֿוּן אַ שִׂמְחָה. איז עס מעגליך? מיט פֿרייד נעה איך בעגעגענען דעם טוֹיט. אָ גאָט, דוּ האָסט מיך, שוואַכען, אָנגעקליידט מיט דיין גְבִירָה, דוּ האָסט ערלוֹיבט מיר, זינדיגען מענשען, צוּ שטעהן אין איין שוּרָה מיט דיינע געליעבטע הייליגע צַדִיקִים, מיט די גרוֹיסע קְדוֹשִׁים...

---

## דריטער אויפֿטריט.

(רבי אַהרן און אַ יוד).

דער יוד (לויפֿט אריין): רבי! לויף גיכער, ווען ניט זענען מיר אַלע פֿערלוירען.

רבי אהרן: איך געה, איך געה, פֿיהר מיך, מיין זוהן (אָב).

(פֿאָרהאַנג).

---

## צווייטעס בילד.

(אַ פֿרייער פלאַץ אין שלאָס. גלייך פֿאָר די צושויער—די פֿעסטונגס וואַנד און די טויערען. רעכטס — דער פּאַסאַד פֿון דעם פֿירשט'ס פּאַלאַץ מיט צוויי פֿליגעלן, מיט אַ באַלקאן, וואָס גערהט=אַרויס צום פלאַץ. צווישען די ביידע פֿליגעלן — אַ טויער, וואָס פֿיהרט אין פֿירשט'ס הויף. דער גאַנצער פלאַץ איז פֿערנומען מיט בעוואָפֿענטע יודען; זיי פֿון פֿאָרענט רבי יוסף קאסטרא).

---

### ערשטער אויפטריט.

קאסטרא: אָ, ברידער! ביי ווע֫מען דער גיפֿט פֿון אַלערליי שרעקליכע בעליידיגונגען האָט נאָך ניט פֿערגיכטעט אויף אייביג זיינע מילדע געפֿיהלען, וועמען עס קען נאָך בעפֿאַלען אַ שרעק, ווען ער זעהט בלוט, אָדער ווער עס ווערט גערירט פֿון די תּחנונים, וואָס איינער בעט פֿאַרן טויט, — זאָל יענער אַוועקגעהן. מיר דאַרפֿען ניט קיין קליינמוטהיגע.

געשרעהען: מיר זענען אַלע מיט דיר.

קאסטרא: אונטרייהייט פֿאַר אונטרייע! דערמיט וועלען מיר זיך נוקם זיין ניט נאָר אין די שלעכטהערציגע פּאליאַקען אַליין, אָבער אויך אין אַלע תּליינים אונזערע! דערמאָהנט זיך נאָר די הונדערטער יאָהרען פֿון ענוּים קשים, זינט די רוצחים, וואָס זענען נאָר געלערענט אין מלחמות, האָבען אונז, אַזאַ רוהיג-פֿריעדליך פֿאָלק, נאָר אונשולדיג צעזעעט און צעשפּרייט אויף דער ערד. ווי סוואָרעס הינד צעטרייבען די רוהיג פֿיטערענדיגע הירשען! איצט וואַרפֿען זיי נאָך אונז פֿאָר. וואָס פֿאָרט? זייערע רציחות, אונזער ביטער מזל! פֿאַר וואָס, פֿאַר וואָס זאָלען מיר אונשולדיגערהייט טראָגען די שווערע שטראָף? זיי שפּייען אויף אונז נאָר דערפֿאַר, ווייל שפּייען אויף אונז האָבען זיי ניט מוראָ... אָ, דער יושר פֿון טיגערס! אָבער אויב אַזוי זאָלען זיי מוראָ האָבען, זאָל זיי שרעקליך זיין! זאָלען זיי זעהען, ווי אַזוי מיר ווייסען ווי צו טרעפֿען אין זייערע אַכזריות'דיגע הערצער.

געשרעהען: פֿיהר אונז. קיינער וועט זיך ניט רעטען!

קאסטרא: וואָס קען אונז באַנג טהון? איז דען ניט בעסער צו אומקומען פֿון הונגער און דאָרשט איידער צוריסען צו ווערען פֿון

בייזע הינד? איז ניט בעסער, אַז מיר אַליין זאָלען איינער דעם אַנדערען אויסהַרְג'נען מיט אייגענע הענד. איידער צו קרעכצען פֿון עִנוּיִם קשים, צוזעהען ווי מע נעהמט אונזערע קליינע קינדער, און מע צוקלאַפּט זיי אין דער ערד, צו־קוקען, ווי מען וועט אונזערע פֿרויען פֿאַר אונז אין די אויגען גראָב בעליידיגען?! פֿאָרוועטס! און דער גאָט פֿון אונזערע אָבוֹת זאָל אונז בעשיצען. (אין דער זעלבער צייט לויפֿט אַרויס אויפֿ'ן באַלקאָן דער פּאַן סינעלסקי).

---

## צווייטער אויפֿטריט.

(די זעלבע און פּאַן סינעלסקי).

סינעלסקי: מיינע הערען! וואָס זענט איהר אַזוי אויפֿגערעגט אומזיסט?

קאסטרא: איהר זעהט! די הערצער פֿון די בוּנדים האָבען אַ ציטער געטהון! פֿוקס איינער, אומזיסט אויפֿגערעגט ביזט דו. ווי היטרע דו זאָלסט ניט זיין, וועט דיר שוין ניט געראָטען נאָך אַמאָל אונז איבערגעבען!

סינעלסקי: מיר האָבען קיינמאָל ניט געוואָלט און ווילען אויך איצטער ניט איבערגעבען אייך.

קאסטרא: וואָס? ער האַלט אונז דען פֿאַר שאָף? דו אַליין מיט דער וואַכט האָסט זיך צום טויער געלאָזען, דו אַליין האָסט בעפֿרייעט דעם קאָזאַקען־שְׁלִיח. מיר האָבען קוים מיט גרוֹיס מיה אין הויף די וואַכט אַיועקגעשטויסען און דאָס אַליץ האָסטו פֿערגעסען אין איין שָׁעה?

סינעלסקי: איך בין זיך מוֹדֶה, מיר האָבען זיך צופֿיעל געהיצט. אָבער דו ביזט אַליין שולדיג: דו האָסט דעם פֿירשט אין כּעס אַריינגעבראַכט. זיין כּעס איז שוין אָבער אַריבער און מיר זענען ווידער גוטע פֿריינד.

קאסטרא: דו לייגסט, די יודען האָבען ניט קיין פֿריינד!

א שטים פון דער וואנד: מען זעהט ווי אין לאַגער רודערט זיך. מען פֿיהרט די פֿערד, מען לויפֿט און עס אַרבייט זיך עפּיס.

קאַסטראַ: אַהאַ! איך פֶערשטעה אייער שלאַנגען־געדאַנק. איהר מיינט נור די צייט אַביסעל אָבציהען. איך שווער אייך אָבער נאָך איידער דער שׂונא וועט צו קומען צו די ווענט, וועלען מיר פֿון אייך מאַכען אַ הויפֶען טויטע פְּגָרִים. — קומט ברידער!

סינעלסקי: וואַרט, מיר בעשטעהען צו ערפֿולען אַלע תּנָאִים פֿון אונזער בונד.

קאַסטראַ: צווישען וועלף און שאָף איז ניט מעגליך קיין בונד. אויב איהר ווילט לעבען, אַלס געפֿאַנגענע, גיעט זיך אונטער, לעגט אַוועק אַלע אייער געוועהר! זאָל דער פֿירשט זיך מעלדען פֿאַר'ן נאַנצען פֿאָלק אַלס געפֿאַנגענער. (עס בעווייזט זיך אויפֿ'ן באַלקאָן דער פֿירשט; פֿון הינטען האלטען איהם איין דער גלח בערשאלדוס און אנדערע, ער אבער רייסט זיך פֿארווערטס).

---

## דריטער אויפֿטריט.

(די זעלבע, דער פֿירשט און די פריצים).

דער פֿירשט: לאָזט־אָפּ! האַלט מיך ניט! לאָזט מיך רעדען! איך בעשטעה מודיע צו זיין פֿאַר'ן פֿאָלק, אַז — דו ביסט אַ מיאוסער זשיד, אַ פֿערעיפֿוש'טער הונד, — איך בעט אייך לאָזט מיך, — אַז איך וועל דיר היינט, מאָרגען, שטענדיג, צו די חלאָפֶּעס איבערגעבען, און אויב איהר וועט זיך צו מיר אַריינרייסען אין פּאַלאַץ, וועל איך הייסען אייך ניט מיט ביקסען, ווי עס פּאַסט פֿאַר מענשען, נאָר ווי הינד מיט נאַהייקעס פֿערטרייבען. פּאַנען! אַהער! פֿערנעהמט די פֿענסטער און טהירען. און איהר יודען, לאָז איך בעטען אַזוי פֿריינדליך צו זיין און קומען צו געסט אויף אַ מאָהלצייט פֿון שטעקענס... (דער פֿירשט און די פריצים פֿערשווינדען).

---

## פֿירטער אויפֿטריט.

(די יודען און קאַסטראַ).

קאַסטראַ: ער איז גערעכט — מיר זענען חַיוֹת, ווילדע חַיוֹת...

שטימען פֿון דער וואַנד: דער גאַנצער לאַגער איז אויף די פֿיס. מען פֿיהרט ארויס די האַרמאַטען, מען שפּאַנט די פֿערד.

קאסטרא: די ערשטע זעקס מַחֲנוֹת געהען מיט מיר, זעקס בלייבען צו פערטהיידיגען די וואנד. (ער הייבט אויף דאס געוועהר). טויט זייערע פרויען! טויט זייערע קינדער! פאָרוועֶרטס!

(אין דיעזער צייט קומט אויפ'ן פלאץ צו לויפען שטארק פערסאָפעט דער רב, רבי אהרן און פערצוימט זיי דעם וועג).

---

## פינפטער אויפטריט.

(די זעלבע און דער רב, רבי אהרן).

רבי אהרן: וואוהין? וואוהין? בלייבט שטעהן, קינדער!

קאסטרא (שטויסט איהם לייכט אב): גיה אַוועק, אַלטער, איצט איז ניט די צייט פון דְרָשוֹת.

רבי אהרן: פיערציג יאהר האב איך אייך אין דעם וועג פון אֱמוּנה און תּוֹרָה געפיהרט — האט איהר פון מיר וועֶן געהערט א פוסט וואָרט? ווען האב איך פון וועג נעפרופט אַראָפפיהרען?

שטימען: רעד. מיר וועלען צו־הערען, נאר רעד גיכער!

קאסטרא: אונגליקליכע! א מינוט איז איצט אונז טייער!

רבי אהרן: א מינוט איז איהם א שאד, דעם חֲסַר־דֵעָה, און די אייביגקייט אַרט איהם ניט. אָ, ברידער מיינע! וואוהין פיהרט אייך אט דער אויסלענדער? ער הייסט אייך אַוועקשטעלען זיך קעגען דרייסיג פאַרנעהמע שליאַכטיטשען מיט זייערע מחנות. בעדענקט איך! אז אייער מיין וועט זיך אייך אפילו יאָ איינגעבען, וועט איהר נאר נִצוֹל ווערען מיט אייערע קינדער אויף א צייט, אבער וואס ערוואַרטעט דער נאך אייער נאַנץ פאָלק אין פוילען? איז דען וועניג שׂוֹנְאִים — חלאפעס, וואס איהר ווילט נאך אויך די פריצים קעגען אונז אויפרייצען, אונזער איינציגע פערטהיידיגער ביז היינט! אז מיר זענען אונשולדיג פלאגט מען אונז אַזוֹי אָהן רַחֲמָנוֹת, היינט וואס קען מיט אונז נעשעהן ווען מיר וועלען ווירקליך בלוט פערגיעסען? ברידער! ווער איז אייך טייערער — איהר אַליין אדער אייער פאָלק? מיט וואס זענען מיר בעסער פאר אונזערע ברידער אין באר; זיי האבען אַלע נעליטען, איצט איז אונזער צייט נעקומען; לאָמיר שטאַרבען על קִדוּשׁ־הַשֵׁם, א קָרְבָּן פאר'ן גאַנצען פאָלק!

א שטימע פון דער וואנד: פונ׳ם לאַנגער איז אַ גאַנצע מַחֲנָה קאָזאַקען אַרוֹיס. דעם גאַנצען געגענד בעדעקט אַ געדיכטער שטויב.

קאסטרא: דער שׂוֹנֵא איז שוֹין ביי די ווענד און מיר שטעהען דאָ, ווער איז אונז, און הערען אויס דאָס פלוידערען פון דעם אַלטען, וואָס האָט אין זיין שוואַכען הארצען נאָר קליינמוטהינקייט געבראַכט.

רבי אהרן: ברידער! איך בין קליינמוטהיג? האָב איך ניט געזאָגט: לאָמיר שטאַרבען עַל קִדוּשׁ הַשֵׁם?! האָב איך ניט געזאָגט: לאָמיר פאַלען אין נאָמען פון פאָלק, אַלס קָרְבָּן?! אָ ברידער! זייט מוטהיג! מוטהיגער אַלס לייבען, שטאַרקער אַלס לעמפּערטען, אונבעזיגבער שראָקענער אַלס טיגרען! (אין פּאַלאַץ, הינטער׳ן באַלקאָן הערט זיך אַ געלעכטער).

קאסטרא: זיי לאַכען... אָ, די בּוֹגְדִים לאַכען! אָט, זאָגען זיי, זענען אַביסעל העלדען זיך געפונען! פאַר העלדענשאַפט ציטערען זיי אויש. פאַר העלדענשאַפט געהען זיי אַוש שוויינענדינעהייט אויסגעקוילעט צו ווערען.

רבי אהרן: אין מענשענס אויגען ווילסטו אַ העלד זיין? געה אַוועק אין צירק וועט דיר דער עוֹלָם פּאַטשען בראַוואָ, דיר אָדער דעם אָקס, עס ווענדט זיך ווער עס וועט מְנַצֵּחַ זיין. ניין, ברידער! עס מאַכט ניט אויס, וואָס ביי מענשען אין די אויגען וועלען מיר אויסזעהן, ווי פַּחְדָנִים. דערפאַר אָבער פאַר גאָט זענען מיר די ערשטע העלדען. אונז שרעקט ניט קיינע ־ חַיָלוֹת פון דער ערד, מיר לאַכען זיך אויס פון מַחֲנוֹת תַּלְיָנִים. גאָט אַליין האָט אונזערע אָבוֹת צום נִצָּחוֹן געפיהרט, ער אַליין פיהרט אונז איצט איבערצוגעבען צום פיינד. ווילט איהר דען, ברידער, מִלְחָמָה האַלטען מיט גאָט?

די שטימע פון דער וואנד: מען זעהט שוין זייערע פנימער. זיי לויפען... די וואָס געהען פון פאָרענט זענען געקליידט אין זילבערנע זשופּאַנען, די חלאָפּעס געהען פון הינטען, די האַרמאַטען ביי די זייטען.

קאסטרא: פרעהט זיך, וועלף! מיר האָבען אייך געגרעכט געמאַכט! ווער עס קען ניט נְקָמָה נעהמען פאַר אַ פערראָטה, פערדיענט ניט קיין טרייהייט.

רבי אהרן: גאָט טהוט מִשְׁפָּט און גאָט נעהמט נְקָמָה, זיי ווינקט דאָס לעבען, די תַּעֲנוּגִים פון עוֹלָם־הַזֶה ציהען זיי! שוין־זשע

ווֶעלֶען מִיר זיי נֶעהמֶען נאָכטהוּן? וואָס פֿאַר אַ ווֶערטה האָט פֿאַר אוּנז דאָס לֶעבֶען מיט די ווֶעלטליכֶע תַּעֲנוּגִים? יוּדֶען! אַלֶץ, וואָס איהר זֶעהט אַרוּם אייך: די עֶרד און אַ־לֶע ברוּאים און פֿלאַנצֶען, דער גאַנצֶער תְּהוֹם שטראַהלֶען און קלאַנגֶען, גֶעשטאַלטֶען און פֿאָרמֶען, די גאַנצֶע שֶׁענקייט, אלֶע תַּעֲנוּגִים און שִׂמְחוֹת, — דאָס איז אַלֶץ אַ עֶנגֶער פֿאָר־הויז ביים פּאַלאַץ, אַ שמוּצִינֶער קאָרידאָר פֿאַר דעָם טעמפּעֶל. זאָלֶען ציטעֶרֶען איבֶער די אַלֶע נאַרישקייטֶען די לייט ווֶעלכֶע מֶען לאָזט אין טעֶמפּעֶל ניט אַריין. קוּמט גיכֶער אין טעֶמפּעֶל! אייך עֶרוואַרטעֶט דאָרטֶען דעֶר כֹּהֵן גדוֹל!

א שטימע פון דער וואנד: די פֿאָדעֶרשטֶע האָבֶען זיך אָב־גֶעשטעֶלט. מֶען פֿיהרט־אָן אוֹיף אוּנז דעֶם האַרמאַט.

קאסטרא: ברידעֶר! אָ, ווֶען איך וואָלט גֶעקֶענט מיין בלוּט וואָס איז פֿוּן צאָרן פֿעֶרגיפֿטעֶט, איבעֶרגיעסֶען אין אייעֶרֶע שוואַכֶע הֶערצֶער! אָ, הלוואַי וואָלט איך גֶעקֶענט אייך ריהרֶען מיט מיינֶע טרעֶרֶען, מיט ווֶעלכֶע איך בֶעוויין יֶעצט מיין לֶעצטֶע האָפֿנוּנג! איך בֶעט זיך ביי אייך, איך יאָמעֶר פֿאַר אַייך: שוֹינט אייעֶרֶע קינדעֶר, דעֶם קוּמֶענדֶען דוֹר! ניט לאַזט זיי אין יְרוּשָׁה אַזאַ חֶרְפָּה! אָ, בֶעוויזט חאָטש איין מאָל, אַז איהר זֶענט — מֶענשֶען! עֶס איז נאָך ניט שפּעֶט! מיר קֶענֶען זיך נאָך פֿעֶרטהיידיגֶען! דאָס לֶעצטֶע מאָל רוּף איך צוּ אייך, ווער איז מיט מיר? — זאָל יעֶנעֶר אוֹיפֿהייבֶען, ווי איך, זיין האַנד צוּם הימעֶל. (אַ שטיל שווייגען). וואָס הייסט עֶס? איין האַנד אַפִילוּ האָט זיך נישט אוֹיפֿגעֶהוֹיבֶען? (הינטער דער וואַנד דערהערט זיך אַ שאָס פֿון אַ האַרמאַט).

קוֹלוֹת: רבי, רבי! וואָס זאָלֶען מיר טהוּן? ראַטעֶווֶע אוּנז!

רבי אהרן: וואָס זאָלט איהר טהוּן? פֿיעֶנט איהר — וואַרפֿט אַוועֶק די ניכטיגֶע און צוּברעֶכליכֶע גֶעווֶעהר! (די יודען לעגען אַוועק דאָס געוועהר) אַצינד לאָמיר זיך אָנוואָפֿעֶנֶען מיט אַ אייבִיגֶען גֶעווֶעה־מיט הייליגֶע תְּפִלּוֹת. (הינטער דער וואַנד הערט זיך אַ צווייטער שאָס) יוּדֶען! פֿאַלט כּוֹרְעִים פֿאַר דעֶם שטאַרקֶען גאָט! זייט אַלֶע מִתְפַּלֵל. די שָׁעָה פֿוּנ׳ם טוֹיט קוּמט שוֹין אָן. (די יודען, אויסער קאסטרא׳ן, פֿאַלען אויף דער ערד. פֿון פירשט׳ס הויף לויפֿט אַרויס די וואַך. אויפֿ׳ן באַלקאָן הייבען זיך אָן אַרויסצושיטען די פריצים).

## זעקסטער אויפטריט.

**סינעלסקי:** שנעל קלויבט צוזאַמען דאָס געווער. רינגעלט זיי אַלעמען אַרום! דערנאָך עפֿענט אויף די טויערען! זאָלען זיי די קאָזאַקען הינטער'ן וואַל פֿעריאָגען. און זייער גוטס פֿערנעהמען. דאָ זאָל זייערס איין טראָפּען בלוט ניט פֿערגאָסען ווערען! גיכער, חֲבֵרָה! (די וואַך ערפֿולט סינעלסקי'ס בעפֿעהלען. מען קלויבט צונויף דאָס געוועהר, איינִיגע לאָזען זיך צו די טויערען).

**קאַסטרא** (אַוועקוואַרפֿענדיג דאָס געוועהר): אָ, זיי פֿערפֿלוכט, דו פֿאָלק פֿון אונגליקליכע פַּחְדָנִים!

**רבי אהרן** (איז מתפלל אויפ'ן קול, דער עולם זאָגט נאָך): דו, גערעכטער גאָט! האָסט מיך בעשאַפֿען און דו ווייסט אַלע מיינע מַחְשָׁבוֹת דען איך בין דאָך נור אַ בָּשָׂר־וָדָם... מיין יסוֹד איז פֿון דער ערד און מיין סוֹף איז צו דער ערד... איך בין געגליכען צו אַ צובראָכענעם שאַרבען, צו אַ פֿערטריקענט גרעזעל, צו אַ פֿערוועלקט בלימעל, צו אַ שאָטען, וואָס פֿערשווינדט, צו אַ וואָלקען, וואָס פֿליהט־דורך, צו אַ ווינד, וואָס געהט־איבער, צו אַ שטויב, וואָס ווערט צושפּרייט און צו אַ חלוֹם, וואָס ווערט צו נישט. אָבער דו ביזט אַ מֶלֶךְ, אַ האַר, מאַכסט לעבעדיג און ביזט אייביג... (די קאָזאַקען רייסען זיך אַריין מיט קולות אין די טויערען פֿון פֿעסטונג).

(פֿאָרהאַנג).

# פיערטער אקט.

(עס שטעלט פֿאָר אַ וויזע, פֿון אַלע זייטען ארומגעצוימט. יודען מיט זייערע ווייבער און קינדער זיצען און ליעגען אין פֿערשיעדענע פּאָזען. רבי אהרן איז אַרומגערינגעלט פֿון פֿיעל אויפֿמערקזאַמע צוהערער. קאַסטרא זיצט מיט אַנ'אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ צום ברוסט. איבער איהם, מיט פֿערבראָכענע הענד, שטעהט שרה. אין דער מענגע הערען זיך טיעפֿע זיפֿצען, קינדערשע געוויינען, געשרייען).

## ערשטער אויפטריט.

רבי אהרן: אַ רוימישער גרויסער־מאַן האָט געפּרעגט בײַ רבי עקיבאַ'ן: „ערקלער מיר, רבי, פאַר וואָס ווילען ניט די יודען, וואָס ווערען אומעדום אַזוי פערפאָלגט און גערודפט, ארויסטרעטען אָפען קעגען די שונאים מיט געוועהר?" און דער הייליגער מאַן, וואָס איז געפאַלען פאַר קדוש־השם, האָט געענטפערט מיט אַ משל: „אין אַ גרויסען טייך פלעגט אַ פרעסער אַ העכט האַפּען פישעליך. זיי האָבען זיך נעביך לאַנג געוואָרפען ביז זיי זענען לסוף צוגעשוואומען צום ברעג. אַ פוקס האָט זיי דאָ דערזעהן און האָט צו זיי געזאָגט: אָ, איהר נאַרען! צו וואָס זיצט איהר אין טייך, שפּרינגט געשווינד אַרויס אויפ'ן ברעג און איהר ווערט גלייך ניצול פון בייזען העכט. די פישעליך האָבען אָבער אַזוי געענטפערט: מה־דאָך אַז אין טייך, וואָס איז אונזער בעקאַנטע, שטענדיגע היים, קענען מיר זיך ניט רעטען פון די רויבער, פּשיטאָ שוין אויפ'ן פרעמדען ברעג! אַזוי זענען אויך די יודען: מה־דאָך אַז מיר דיענען אונזער פאָטער אין הימעל קענען מיר ניט ניצול ווערען פון בייזע רדיפות, היינט וואָס קען מען שוין ערוואַרטען אויף אַ שלאַכט־פעלד, וואָס איז ווילד־פרעמד פאַר אונז?"

אַ יודיש ווייביל: וויין נישט, מיין קינד, ניט צעררייס מיר מיין האַרץ! רבונו של עולם! וואו נעמט מען אַביסעלע מילך? פון הונגער זענען מיינע בריסט שוין לאַנג איינגעדאַרט.

אַ יוד: וואָלטען שוין האָטש די רוצחים גיכער געקומען. צו וואָס זאָל מען נאָך אונז אַזוי לאַנג פּלאָגען פון הונגער?

רבי אהרן: אָ, ברידער! זיי ווילען שוואַכער מאַכען אונזערע הערצער, כדי זיי זאָלען קענען גיכער אונז איבערוועדען, מוטהיגט זיך, ברידער! דער בעל־נקמה איז אין הימעל. הערט אויס אַ שענע מעשה: רבי חנינא בן דוסא'ן האָט אַ בים געטהון אַ שלאַנג, און דער בים האָט איהם גאָר ניט געשאַדט. די שלאַנג אָבער האָט מען אין איהר נעסט אַ טויטע געפונען. אַז די תלמידים זיינע האָבען זיך דערפון דערוואוסט, האָבען זיי געזאָגט: וועה איז דעם מענשען, וואָס אַ שלאַנג ניעט איהם אַ בים, וועה איז אָבער דער שלאַנג, וואָס זי האָט ר' חנינא'ן אַ בים געטהון. און דאָס, וואָס זיי האָבען געזאָגט וועגען דער שלאַנג, קען דאָס געהן אויף אַלע שונאי ישראל.

דאס יודיש ווייביל: אוי, גיעט אַ קוק אויפ'ן קינד!.. עס איז אין גאַנצען נרין געוואָרען... די אויגען פֿערמאַכט... אָטהעמט נישט... אוי, ראַטעוועט מיין איינציג־קינד!

שטימען: שווייג, יודענע! אַך די ווייבערשע טרערען! אָהן דיר איז אונז אויך זעהר זיס... וואס ווייסטו? דאַנק גאָט, וואס ער האָט שוין בעפֿרייט דיין קינד פֿון אַזוינע ברענענדיגע יסורים.

שרה (גלעט מיט'ן האַנד איבער יוסף'ס קאָפּ): ערוואַך זיך, מיין פֿריינד! ערוואַך זיך, מיין ליעבער מאַן! דאָס בין איך דאָך, דיין ווייב, דיין שרה! פֿאַר וואָס שווייגסטו? גענוג דיר שוין אַזוי פֿערקלערט צו זיין, מיין פֿריינד! ענטדעק מיר דיינע רעיונות! טהייל זיך מיט מיר מיט דיין צער. אפשר וועט דיר גרינגער ווערען, הערסט, וואָס איך רעד צו דיר? ענטפֿער! יוסף, מיר איז אַזוי שווער, אַזוי שרעקליך! מיט דיר, מיין פֿריינד, האָב איך אַפילו פֿאַר'ן טויט קיין מורא ניט! גיעב נאָר איין בליק אויף מיר! אָבער דו שווייגסט! אוי, וועה איז מיר!

קולות: קאָזאַקען! עס גיעהען אַהער קאָזאַקען!

רבי אהרן: ברידער! דאָס פענסטער אין הימעל האָט זיך איצט געעפֿענט און גאָט קוקט אויף אונז, ניט דערצאָרענט איהם! ניט דער־צאָרענט דעם הימלישען פֿאָטער! דער שכר איז שוין באַלד! (עס קומען אריין רעכטס: קריוואנאס, יוריוס, גריב, ריאסא און אנד. קאזאקען. קריוואנאס האלט א ווייסע פֿאָהן, וועלבע ער שלאָגט אריין אין דער ערד).

---

## צווייטער אויפֿטריט.

(די זעלבע און די קאָזאקען).

קריוואנאס (שטעהט ביי דער פֿאָהן): יודען! איהר זעהט, גאָט האָט אייך איבערגעגעבען צו אונז אין די הענד פֿאַר אַלע בעליידיגונגען און עולות. וואָס איהר האָט אונז אָנגעטהון, דערפֿאַר וואָס איהר האָט געשענדעט אונזערע קירכען, דערפֿאַר וואס איהר האָט שיינקען געהאַלטען, געאַרענדעט, מיט די פּריצים צוזאַמען אונזער בלוט געטרונקען, נו, איצט איז שוין אַ סוף פֿון אייער ממשלה אין אוקראַינע, די וואָראָנעס אַפילו קוקען אייך שוין אויס פֿון דער הויך, נאָר כּדי גאָט און לייט זאָלען וויסען, אַז מיר זענען ניט קיין רשעים, בין איך מודיע: ווער עס

וויל אַרויסטרעטען פון יודישקייט. און אויפ׳ן האַלז אַהיילינגען „צֶלֶם״ אָנטהון, יענער זאָל אַרויס צו אונז און זיך שטעלען אונטער דער היילינגער פאָהן, ווערט ער גלייך פריי און ווי אַ ברודער וועלען מיר איהם ברויט און זאַלץ געבען. ווער עס וויל זיך רעטען זאָל אַרויסגעהן (אַ שטיל שווייגען). און אויב איהר וועט אַלע זיך בעפריינדען מיט אונז אין כריסטענטום, וועלען מיר אייך אַלע שוינען, אייך און אייערע קינדער. און דאָס גאַנצע פערמעגען וועלען מיר אייך צוריק אומקערען און וועלען אייך אָפּלאָזען בְּשָׁלוֹם (אַלע שווייגען). דאָס לעצטע מאָל, יודען, מעלד איך אייך. נאָכדעם וועט שפּעט זיין. קלויבט אייך אויס: אָדער דעם גרויזאַמען שווערד אָדער די היילינגע פריעדליכע פאָהן, די בְּרֵירָה איז ביי אייך.

רבי אהרן: צו וואָס דאָס לאַנג וואַרטען? איהר מיינט, איהר וועט אונז איבערערדען? ס׳איז אומזיסט. מיר זענען שוין געוועהנט צו ליידען, פונקט ווי איהר זענט געוועהנט אונז אָנטהון די ליידען. טהוט שוין אָפּ געשווינד דאָס, וואָס איהר האָט פערטראַכט. אָבער איהר אַלע, וואָס געפינען זיך דאָ, זאָלט וויסען: אונזער גאָט איז דער איינציגער מֶלֶך פון ערד און הימעל! דער דאָזיגער אייביגער גאָט איז אונזער באַרמהערציגער פאָטער. מיר זענען זיינע געליעבטע קינדער. און איהר אָבער זענט שקלאַווען, איהר דיענט נור איהם, ווי אַ בלינד געוועהר אונז צו שטראָפען פאַר אונזערע חֲטָאִים. שטענדיג קלויבט אויס גאָט רְשָׁעִים, רוֹצְחִים, פאַר תַּלְיָנִים אום צו ערפולען זיין פורכטינגען מִשְׁפָּט. צַדִיקִים וועט גאָט פאַר אַזוינע שלוחים ניט מאַכען, איהר זענט אונזערע שונאים און דעריבער דאַרפט איהר דאָס אויספיהרען. אויב איהר וועט עס ניט טהון, וועט גאָט אַנדערע דיענער, אַזוי ווי איהר, געפינען: הונגעריגע וועלף און ווילדע בערען.

קריוואנאס: קאָזאַקען, האָט איהר געהערט? מיר זענען וועלף! נו, מֵילָא זאָל זיין, ברידער. אַזוי; איין איינגעשפּאַרטע ציעג קומט טאַקי פאַר וועלף צוניטיץ.

ריאסא: אַי אַ ציעג אַביסעל! חאָטש זי האָט זיך איבערגעריסען, אָבער זי האָט זיך ניט אונטערגעגעבען.

איין פויער: אָט איז דער פאַן אַרענדאַר!

א צווייטער: וואו איז שלמה, וואו איז ער?

גריב: שלעפּט איהם אַהער! (מען ברענגט צו פֿיהרען אַן אַלטען יודען, די קאָזאַקען רינגלען איהם אַרום).

קולות: וואָס מאַכסטו, פּאַניע? — שריי ניט, יורקע, וועסט נאָך חלילה מירה׳לען אויפֿוועקען: — איך וועל נישט אויפֿוועקען: מירה׳לע איז דאָך שוין אַ פּנירה׳לע. — שאַבאַש! שלמה איז שוין אויס שענקער! — ער וועט שוין ניט קויפֿען קיין גנבה׳שע זאַכען. — ער וועט שוין ניט פֿערקויפֿען אומריינע וואַסער פֿאַר בראָנפֿען. — ער וועט שוין ניט פֿערשרייבען אין רייסטער פֿאַר אַ גראָשען אַ גריוונע.

קולות און נאָך אַ גרופּע: לאָז איהם אָב. ר׳ איצקע איז אַ טייערער יוד! אַ גלייכע נְשָׁמָה, ווי אַ חֲזירשער עָק, — ווי אַ ראָד, — ווי אַ קאָטשערע. — איצקע, דו ביזט אויך אַ טייער־קינד ביי גאָט? — יודען זענען אַלע גאָטס טייערע קינדער? זיי איז ווייניג די ערד, אַפּילו גאָט ווילען זיי נעמען אין אַרענדע. — האָסט אַ סך פֿאַר גאָט בעצאָהלט? — ער האָט אַוודאי געגעבען צעהן גלאַטע פֿערצינגער און פֿערקויפֿט פֿאַר דרייסיג נייענקע; דריי מאָל אַזוי פֿיעל! — ער שווייגט! — דער צונג האָט איהם אָבגענומען, — אַ מיאוסע צונג! אָבנעהמען זאָל מען זי דערפֿאַר!

קריוואָנאָס: ייאָרט, ברידער! וואו איז יוריום? יוריום! ביזטו שוין דערגאַנגען, פֿאַר וועמען מען קען אַ פֿעטען פּדיון בעקומען?

יוריום: פֿאַר׳ן אַלטען רב, מען רופֿט איהם אַראָנקאַ, ער האָט אין לעמבערג אַ רייכען ברודער.

קריוואָנאָס: ראַבין אַראָנקאַ! אַהער!

רבי אהרן: וואָס דאַרפֿסטו?

קריוואָנאָס: דאָס ביזטו טאַקי? נו, זשיד, דיין גאָט איז אַ מַזָל׳דיגער. איך וועל דיך דעם ברודער דיינעם ניט ביליג פֿער־קויפֿען. בינדט איהם און דערנאָך שמידט איהם צו צום האַרמאַט. (מען לאָזט בינדען דעם אַלטען רב און מען פֿיהרט איהם אָפּ אין אַ זייט). און נאָך עפּעס סחורה איז ניטאַ?

יוריום: איך געדענק נישט, דאַכט זיך ניטאָ.

קריוואָנאָס: און וואו איז יענער יוד, וואָס האָט מיט אונז אַל׳ך מלחמה געהאַלטען? ער איז, בְּנֶאֱמָנוּת מיינער! איך וועל איהם אַפּילו דעם טייוועל ניט אָבלאָזען.

יוריום: אָט זיצט עֶר.

קריוואנאם: ביזט דאָך טאַקע נאָר אַ שטאָלצעֶר, מיר אַלֶע שטעהען און דו זיטצט, קוקסט גאָר ניט אֱפּילוּ. דו ביזט נאָר ניט געֶ־ראָטען אין אַנדערֶע, דיך ווֶעל איך הייסען, אַז מען זאָל וואָס שענֶער אויספוּצען: רֵאשִית ווֶעל איך דיך אָנטהון אין רויטע זאָקען...

שרה: אָ, מיין העררֶ, זיי איהם מוֹחֵל! ניט שטאָלצקייט, נאָר זיין קריינקשאַפט האָט איהם צוגעשמידט צו דער עֶרד. דעם דריטען טאָג זיצט עֶר אַזוֹי שווייגענדיגעֶרהייט, שלאָפט ניט, האַלט אָפֶען די אויגען, זיי קוקען אַרוֹיס מיט אַ שטוּמען שרעֶק, ניט מיט ווערטער, ניט מיט טרעֶרען קען איך אויף איהם ניט ווירקען, אַז עֶר זאָל קומען צוּ זיך.

גריב: אָט וואַרט אַ ווײלֶע, מיר וועלען איהם גיך צוּ־זיך ברענגען.

קריוואנאם: עֶר איז דיין מאַן?

שרה: יאָ, אָ, איך בעט אייך האָט נור רַחֲמָנוֹת, וועֶלען מיר גלייך פון דאַנען אויף תָּמִיד אַוועֶק, מיט איין האַנד ווֶעל איך מיין מאַן פיהרען, מיט דער צווייטער ווֶעל איך בעטען ביי מענשען הילף.

קריוואנאם: אָט אַ טייוועֶלשע שענהייט! ווייסט אַליין נישט, צוּ אַריינקריכען צוּ איהר אין בוּזעם, צוּ נעהמען זי צוּ זיך אין בוּזעם? איך וועל דיך שוֹינען, זאל מען זי גלייך אַבפיהרען אין מיין געצעֶלט!

שרה: ראַטעוועט!... מיין גאָט! שיק מיר דעם טוֹיט!.. יוֹסף!

גריב: עֲקְשָׁן זיך נישט אַיין, געֶנוּג דיר כּשוּף צוּ מאַכען.

שרה: שטעהט. אמת טאַקי, איך האָב זיך דערמאָהנט. נוּ, אַז איך וועל נעבען עֶפּעס אַיין אויסקויף, וועט איהר מיך הרג'נען?

קריוואנאם: דוּ וועסט איין אויסקויף געֶבען. אַדְרַבָּא, לאָמיר הערען וואָס?

שרה: איך קען מאַכען, אַז אויף דיר זאָל ניט שוֹלֵט זיין קיין שום קויל.

ריאסא: אהעֶר, ברידער, ניכער! דאָ איז אַ מְכַשֵּׁפָה, אַ צויבערען.

קריוואנאם: הער אוֹיס, אויב דוּ זאָגסט אֱמֶת, ווֶעל איך אַלעמען שוֹינען.

שרה: אֶמֶת.

קריוואנאס: ווי אַזוי קען איך עס וויסען אַז דו זאָגסט אֱמֶת? קענסטו, אַ שטיינער עמיצען פון אונז שוין אויס׳ן אָרט פערכּישופ׳ן.

שרה: ניין, איך קען ניט. צוויי וואָכען מוז איך דערצו האָבען.

קריוואנאס: גוט. איך וועל ווארטען. אָבער אויב דו וועסט אָבנאַרען...

שרה: איך וועל נישט אָבנאַ־רען. איבריגענס קענסטו זיך שוין ערקונדיגען, דאָ איז פערהאַן איינער, וואָס איז שוין פערכּישופ׳ט אַזוי!

קריוואנאס: דאָ? ווער איז דאָס?

שרה: איך אַליין.

קריוואנאס: דו אַליין?! אָט איז אַ חידוש! און קיין קויל וועט דיך טאַקי ניט נעהמען? מיר וועלען זעהען!

שרה: קיין קויל ניט! קענסט מיך הרג׳נען מיט אַ שווערד, מיט פייער, מיט וואַסער, אָבער נישט מיט אַ קויל!

קריוואנאס: און עס מאַכט ניט אויס וואו איך זאָל אין דיר ניט שיעסען?

שרה: האָטש אַפילו אין ברוסט. יוסף, גיעב אַ קוק, אוי גיעב נאָר אַ קוק!... יוסף!...

קריוואנאס: איך וועל שיעסען אין קאָפ (ער שיעסט, שרה פאַלט אנידער טויט) זי האָט אָבגענאַ־רט, דער טייוועל!

גריב: אָהן אַ ליעגען קען אַ יוד אַפילו ניט פּגר׳ן.

קאַסטרא (האַפט זיך אויף פונ׳ם שאָס, קוקט אויף שרה׳ס טויטען קערפּער, פאַלט נאָכדעם אויף די קניע, האַפּט קריוואנאס׳עס האַנד און קושט זי) ערבאַרעם זיך, ערבאַרעם זיך! תּליון דו, שרה׳ס רוצח! זעהסט, איך קוש די האַנד, וואָס האָט זי ערמאָ־רדעט... דו וועסט אַלע אויסהרגנ׳ען! דו פלאַקערסט איצט פאַר שמחה פון נקמה... דו ביזט דער נקמה־נעהמער פאַר׳ן בעליידיגטען פאָלק! גאָט ווייס דעם אמת, אַז איך בעשולדיג דיך נישט! האָב־זשע אויף מיר רחמנות אין נאָמען פון נקמה, און שענק מיר נור דריי טעג!... לאָז מיר נור זעהן, ווי אַזוי דו וועסט זיך אַריינרייסען אין שטאָדט, ווי אַזוי דו וועסט די אויס־וואורפען פיינגען... איך וועל זייער יאָמערן פערטויבען מיט אַ היל־

כענדינגען געלעכטער. איך וועל שרייען צו זיי: אַהאַ! עס איז עפּיס געשמאַק די פריינדשאַפט מיט די גוטע פריינד, די קאָזאַקען? אֶפְשָׁר צו שטאַרק אומאַרמען זיי איך? איז אֶפְשָׁר שוין צו ברענענדיג זייערע קושען ביי'ם בעגנעניש?... חאַ—חאַ—חאַ!... נאָכדעם — בין איך דיינער. נאָכדעם וועל איך פון מיינטוועגען אויסטראַכטען אַזוינע עִנוּיִים קָשִׁים, אַז אַפִילוּ דו וועסט פאַר רַחֲמָנוּת זיך צו־וויינען.

קריוואנאס: כ'לעבען, דעם זשיד'ס רעדע געפעלט מיר זעהר, ער האָט אַ גלאַט־צינגעל. מִילָא, זאָל בלייבען אַזוי, זאָל ער דערוויילע לעבען. (קאסטרא'ן בינדט מען און מ'פיהרט אוועק) נו, יודען! קיינער וויל נישט שטעלען זיך אונטער דער היילינגער פאָהן? איהר ענטפערט מיט אַ־שווייג, אויב אַזוי — טויט! האַקט אַלעמען! (א יאמער פון עולם).

(פאָרהאנג).

---

# פינפטער אקט.

## ערשטעס בילד.

(די דעקאראציע פון פיערטען אקט. א וויזע, ווי ווייט עס האפט דאָס אויג, אינגאנצען פערזועט מיט הרוגים. רבי יוסף קאסטרא צוגעשמידט צום הארמאט).

---

### ערשטער אויפטריט.

קאסטרא: (אליין) איך קען מיינע אויגען נישט אָברייסען פון די שרעקליכע בילדער. דער געשטאַנק פערהאַפט דעם אָטהעם. און דאָך בין איך ווי צוגעשמידט מיט מיין גאַנצער זעעלע צו דעם דאָזיגען פעלד פון טויט, אַזוי ווי איך בין מיט מיין גוף צוגעשמידט צום האר־מאַט. איך האָב קוים איינגעבעטען זיך ביי די אַכְזָרִישע תַּלְיָנִים, אַז זיי זאָלען מיר ערלויבען צוקוקען זייערע מַעֲשִׂים... מיין ציעל איז אַזאַ געוועזען, איך האָב מוֹרָא געהאַט, אַז אין דער זיסער רֶגַע פון געוואונש־טער בעלוינונג זאָל דאָס געפיהל פון רַחֲמָנוּת נישט אַריינדרינגען אין מיין ברוסט, אַז דער קוואַל פון וואַרמע פערבאָרגענע טרערען זאָל נישט

פלוצלונג אונטערשווינקען אין מיין נְשָׁמָה די גאַנצע נְקָמָה־געבײדע. דעריבער האָב איך בעשלאָסען, אַװעקשטעלען די דאָזיגע געבײדע אויף אַ האַרטען פֿעסטען גרונט. אַזוי האָב איך בעשלאָסען. אָבער אין דעם פֿערלויף פֿון די דריי טעג האָב איך דערפֿיהלט ווי אין מיין האַרץ וואַקסט עפּעס גאָר אַנדערס, עפּעס גרויסעס. וואָס איך האָב עס ביז איצט ניט קלאָר בעגריפֿען... דריי טעג, דריי אונענדליכע טעג, דריי נעכט האָב איך נור געהערט אַ ווילדען יאָמער און אַ ווילדען געלעכטער צוזאַמען צונויפֿגעפֿלאָכטען, ווי די רינגעליך פֿון שלאַנג מיט די גליעדער פֿונ׳ם קָרְבָּן, וואָס זי פֿלעכט־אַרום. דריי טעג האָט מיך אַרומגענומען אַ נעפּעל, וועלכער האָט זיך געבילדעט פֿון די אויסדעמפּפֿונג פֿון הייס בלוט. דריי טעג האָב איך געקוקט ווי אַזוי עס האָבען זיך מענשען געפֿלייסט וואָס מעהר צו פּייניגען זייערע קָרְבָּנוֹת, בייסען מיט די צייהן, די געדערעם זייערע... מענשען? אַז מענשען וואָלטען זיך געקענט אַליין בעטראַכטען אין זייער ווילדען אַכְזָרִיוּת׳דיגען צושטאַנד, וואָלטען זיי אַ נאָמען געגעבען מענשען — די ווילדע טיגרעס, און פֿאַר מענשען וואָלטען זיי קיין נאָמען ניט געפֿונען... אָט ליעגט דאָרט אַ פֿאָטער מיט אַ טאָכטער. לאַנג האָט דער טאַטע רַחֲמִים געבעטען פֿאַר זיין טאָכטער. די רוֹצְחִים אָבער האבען זיי בײדען פָּנִים אֶל פָּנִים צוזאַמענגעבונדען און מען האָט זיי גענומען פּאַמעליך צו בראָטען... פֿריהער האָבען זיי געקרעכצט, נאָר שפּעטער זענען זיי פֿון די ווילדע יִסוּרִים ווי שִׁכּוֹר געוואָרען, און האָבען זיך איינגעגעסען איינער אין דעם אַנדערען אין די פָּנִים׳ער און ווי שׂוֹנְאִים האָבען זיי די אויגען מיט די נעגעל געריסען. און די תַּלְיָנִים האָבען זיי נאָך גערייצט און געלאַכט. דאָרטען האָט מען אַ קינד אויף צווייען צעריסען פֿאַר דער מוטער אין די אויגען און איהר פּנים האָט מען אַריינגעשטעקט אין דעם קינד׳ס געדערעם און די מוטער איז דערשטיקט געוואָרען אין איהר קינד׳ס בויך... און איך האָב אויף אַלץ געקוקט... בעטרונקען פֿון דעם דאַמפֿ פֿון הייס בלוט בין איך אַנשלאָפֿען געוואָרען, און האָב זיך ערוואַכט, אויפֿגעוועקט פֿון דעם געשטאַנק פֿון די ברענענדיגע קערפּערס... צייטענווייז פלעגט מיט אַ מאָל אַ שלייער פֿון פלאַמען ארומוויקלען מיין האַרץ, דאָ בין איך שוואַך געוואָרען, אַז איך האָב געמיינט, אָט געה איך שוין אויס. און דאָ האָב איך אין זיך דערפֿיהלט שִׁמְשׁוֹנ׳ס

גבוּרָה, היינט גיה בעֶנריייף דעֶם מענשעֶנס נְשָׁמָה! יעדעס מאָל ווען די תַּלְיָנִים פּלעֶגעֶן, מיעד ווערענדיג, אַברוהען, פלעֶג איך מיט ווילדען אונגעֶדולד ווארטען ביז זיי וועֶלען זיך אויפחאפּען און ווידער אָנהייבען... און אַז איך בין אַ קינד געֶוועֶן האָב איך געֶהאַט אַ נאָמען פאַר אַזאַ ווייכהערציגען. שוין־זשע בין איך אַן אַכְזָר געוואָרען? ניין, קיינמאָל האָט אַזוי ווי איצט אין מיין ברוסט דאָס האַרץ ניט געשלאָגען אַזוי טיעף און ברייט! איך זעה ביי זיך אַליין אויס ווי אַ רעֶטעֶניש. איך פערשטעה איצט אַליין ניט דעם תּוהו־ובוהו פון מיין נְשָׁמָה. נאָר וואונדערליכער פאַר אַלץ איז דאָס, וואָס עפּעס אַ קראַפט האַלט מיך נאָך אַפילו איצט אָב צו בעפרייען מיין אונגעֶדולדיגע נְשָׁמָה פון איהר תְּפִיסָה, דעם חומר, וואָס איז שוין כִּמְעַט חָרוּב. עפּעס אַזוי ווי פון הימעל העֶר איך רופען אַ שטימע: „שטאַרק זיך, שטאַרק זיך, דאַרפסט נאָך לעבען!“ און איך שטרענג־אָן אַלע גייסטיגע כּוֹחוֹת, כְּדֵי ניט צו פאַלען אונטער די בערג צָרוֹת און יסוּרים. און איך וויים, אַז איך וועל זיי דערטראָגען — אָבער וואוהין?

---

## צווייטער אויפטריט.

(עס געהען־אַריין קריוואנאס, גריב, ריאַסא און אַנדערע קאָזאַקען).

ריאַסא: און דער דאַרער יוד קוקט אַלץ און קען זיך ניט אָנקוקען.

קאַסטרא: איך וואַרט. ווען וועֶלען מיר פון דאַנען אַוועקגעהן.

קריוואנאס: קענסט זיך פרעגען. מיר וועלען זיך באַלד לאָזען אין וועג, און ביי נאַכט קעהרען מיר זיך אום.

קאַסטרא: ווי? היינט?

קריוואנאס: ביזטו דען נישט צופריעדען?

קאַסטרא: הלואי זאָל איך נור ביז נאַכט דערלעבען.

קריוואנאס: ע, וועסט דערלעבען! איהר זענט אַ לעבעדיג־פעלקעלע. דערפאַר טאַקי זענען מיר אַהער געקומען. וועסט באַלד עפּעס זעהן. (הויך וועֶנדענדיג צו די הרוגים) אויב עס געפינען זיך אונטער די הרוגים אַזוינע לייט וואָס האָבען זיך בעהאַלטען און וואָס לעבען נאָך, קענען זיי אָהן פַּחַד אַרויסגעהן. אונזער שווערד איז אַייערע קעפ שוין

אַריבער, מיר זענען שוין געַנוג זאַט מיט בלוט און מיר שענקען אייך אַלעמען דאָס לעבען. (אַ שטיל שווייגען) נו, שוטים, קריכט אַרויס. או אויב איהר גלויבט מיר ניט, וועל איך נאָר אַ פייף טהון און וועל איבער אייך דורכפיהרען מיין גאַנצע מַחֲנֶה.

## דריטער אויפטריט.

(פון אלערליי ערטער שטעהען אויף יודען מיט פערשוואַרצטע געזיכטער און אין שמאַטעס). איך האָב טאַקי געוואוסט! לעבעהאַפטער פון טאַראַקאַנעס. איהר זייט פריי און קענט אייך געהן וואוהין יעדער וויל.

גריב: זיי פאַלען פונ'ם ווינט, זעה נור.

ריאסא: יאָ, דער הונגער איז ניט קיין לייבליבער ברודער.

קריוואנאס: עה, יודעליך וואַרט אַביסעל. לויפט ניט! אַז איך זאָל וועלען קען איך דאָך אייך סיי ווי סיי דעריאָגען. אָט אַזוי. קומט אהער, גאָר אָהן מורא. ווי דאַר, ווי שוואַרץ! טאַקי ווי טאַראַ־קאַנעס! איהר זענט הונגריג, האַ? זאָגט!

די יודען: איך וויל אַ טרונק. — איך אויך. — איך אויך!

קריוואנאס: אָט האָט איהר וואַסער, טרינקט! אָט האָט איהר ברויט, עסט! און אָט האָט איהר צו ביסליך געלד. (די יודען וואַרפען זיך צו זיינע פיס) געַנוג! נו שטעהט־אויף און געהט געזונטערהייט, נאָר זעהט! פאַלט אַ צווייטען מאָל ניט אַריין! (די יודען אַב).

## פיערטער אויפטריט.

גריב: ווי זיי זענען זיך אַביסעל צולאָפען!

ריאסא: יעדערן איז טייער זיין נֶפֶש.

גריב: די נְשָׁמָה, ברודער־לעבען, איז ניט קיין שָׁכֵן — וועסט זי ניט אַרויסוואַרפען.

ריאסא: טרייבסטו זי אָבער אַרויס איז שוין „זיי געזונד"!

גריב: עהע! מיט אַ פלאָקען וועסטו אין קֶבֶר ניט פערטרייבען און מיט אַ קוילעטש וועסטו צוריק ניט פערנאַרען.

קריוואנאס: עָה, חאַפּט עָם דער רוח — אַזוֹי צו אַזוֹי — איין מאָל לעָבט מעָן אוֹיף דעָר וועָלט! קוֹמט ברידעָר! (צו קאסטרא) מיר וועָלען באַלד קוֹמעָן צוריק (זיי געהען אַוועק).

## פינפטער אויפטריט.

קאסטרא (קוקט אין יענער זייט, וואוהין די יודען זענען אַוועק): זיי לעָבען! זעָנעָן לעָבען געָבליעָבען! מיט גאָט'ס הילף! זיי זעָנעָן פוֹן טוֹיט נִיצוֹל געָוואָרען און האָבען זיך וויעדעָר געָלאָזען בלאָנדזעָן איבעָר דעָר וועָלט ווי קַיִן, ניין! קַיִן האָט אוֹיף דעָם שטעָרן געָהאַט אַ צייכעָן, וואָס האָט אין יעָדעָן עָרוועָקט שרעָק פאַר איהם, זיי אָבעָר האָט גאָט מיט אַנ'אַנדעָר צייכעָן בעָשעָנקט, זיי זעָנען לעָבעָדליך, אין זייעָרעָ גרעָסטעָ צָרוֹת, אָבעָר זיי לעָבען! זאָל אוֹיף זיי די גאַנצעָ וועָלט אוֹיפשטעָהן, אַלעָ רוּחוֹת רָעוֹת און שלעָק — זיי לעָבען, ווי דעָם מַזָל אוֹיף צוּ לְהַכְעִים! אונשטעָרבליכקייט — דאָס איז זייעָר מאַכט און קְלָלָה... אַלעָ פעָלקעָר אוֹיף דער וועָלט האָבען זיי פעָרשטוֹיסעָן, דעָרפאַר האָט גאָט מיט זיי מיטלייד! עָר האָט פעָררוּפעָן דעָם מַלְאַךְ־הַמָוֶת און האָט איהם געָזאָגט: זעָהסט דאָס פאָלק, וואָס ליידט אַזוֹי פיעל, וואָס אַלעָ האַבען זיך פוֹן איהם אָבגעָוואָרפעָן, וואַרף זיך אויך דוּ אָב פוֹן איהם; און דעָר מַלְאַךְ־הַמָוֶת האָט זיך פוֹן זיי אויך אָבגעָוואָרפעָן. (קריוואָנאָס קעהרט זיך אום צוריק).

## זעקסטער אויפטריט.

(קאסטרא און קריוואנאס).

קריוואנאס: מיר לאָזעָן זיך אין וועָג! זעָגעָן זיך מיט די געָשטאָרבעָנעָ.

(פאָרהאַנג).

## צווייטעס בילד.

(די זעלבע דעקאָראַציאָן פוּן דעם צווייטען בילד אין דריטען אַקט: דאָס פלאַץ פאָר דעם פּאַלאַץ און די פעסטונגס-טויערען, איז אילומינירט

מיט אַלערליי לאַמטערנעס. פֿון די אָפֿענע פֿענסטער אַרויס הערט זיך מוזיק. ביי די רייך פֿערפוצטע טישען זיצען פריצים און פריצטעס. די בעדיענטע דערלאַנגען יעדערן וויין).

---

## ערשטער אויפטריט.

סינעלסקי: דעם פּאַן זשובר׳ען דער צוועלפֿטער כוס!

זשובר: פֿאַר דעם געזונד פֿון די דער׳הרג׳עטע זשידעס! (ער טרינקט).

אויסגעשרעהען: וויוואט! וויוואט!

סינעלסקי: דעם פּאַן סטרוסי׳ען דער צוועלפֿטער כוס!

סטרוסי (נעהמט דעם כוס אין האַנד און וויל עפּעס זאָגען, אָבער ער פֿאַלט אַרונטער אונטערן באַנק און גיעסט אויס דעם וויין).

סינעלסקי: דער געוועט איז געענדיגט. דער פּאַן זשובר זאָל קושען דאָס פּיסעל פֿון וועלכער פריצטע ער וויל, און סטרוס׳ען דאַרף מען אָבגיעסען מיט קאַלט־וואַסער. (דער פּאַן זשובר לאָזט זיך צו דער פּירשטין און פֿאַלט אַנידער) דעם פּאַן זשובער׳ן דאַרף מען אויך אָבגיעסען. עך, היינטיגע יונגע לייט! אַמאָל פֿלעגט ערשט נאָך דעם צוועלפֿטען כוס אָנהייבען דער געוועט.

די פּירשטין: אָט האָבען זיי גאָר גענומען צו דערצעהלען אַלטע מעשׂיות פֿון פֿאַרצייטען, ווען די שליאַכטיטשען פֿלעגען האַפּען קאַבאַנעס מיט הוילע הענד און האָזען — נאָכלויפֿענדיג נאָך זיי! אויך מיר קאַוואַ־ליערען! איינער איז שכּור און דער אַנדערער דערצעהלט. ווי אַזוי זיינע ויידעס האָבען געשכּורט. זינגט חאָטש אַ ליעדעל!

סינעלסקי: איבער אַ ליעד וועט זיך דאָס רעדיל ניט שטעלען. עה, מענשען: האָט ווער סטאַס׳ען ניט געזעהן? איז ער ניכטער צו שכּור?

דער בעדיענטער: די גאַנצע וואַכט איז אָנגעשכּור׳ט.

סינעלסקי: איך הייס אויפֿזוכען איהם! אַ שאַד וואָס ער איז שכּור! אָט דער חבֿרה־מאַן. דער סטאַס באָבאַן איז דער בעסטער זינגער אַרום דניעפּער. שטאַמט אָבער פֿון קאָזאַקען, אָט וואָס מען זאָגט פֿויערשער גייסט! ער איז שוין צעהן יאָהר ביי מיר און קוקט אַלץ אין וואַלד. ניכטער — איז ער אַ זייד, טרינקט ער זיך אָן, ווייס איך ניט

וואָס עס ווערט מיט איהם! איינמאָל, אָט ווי היינט, ביי אַ שִׂמְחָה, בעט איך איהם זינגען. נו, האָט ער אַ זונג געטהון אַזאַ מין ליעדעל, אַז איך האָב איהם געשמיסען און געשמיסען, שיער ניט אויף טויט פערשמיסען.

א פריין: עס איז ניטאָ קיין פאַלשערע און קיין פערדאָרבענערע זאַך, ווי אַ חלאַפ. אַמאָל, מיינע הערען, האָב איך בעמערקט, אַז מיין שניידער הייבט אָן קאַליע ווערען. איינמאָל גיעסט ער זיך אויף מיין קונטוש אונגער־וויין און אַ צווייטען מאָל, און די פויערים קוקען און שמייכלען אַזוי בִּשְׁתִיקָה פערדאָרבען. נו, טראַכט איך מיר, וואַרט־נור! בקיצור, איך האָב צוזאַמענגערופען דעם גאַנצען הויף בעדיענער, האָב אויפ׳ן הויף אין מיטען אַוועקגעשטעלט די פאַס מיט אונגער־וויין. טהו זיך אויס! — הייס איך איהם, דעם הולטאַי. ער טהוט זיך אויס. קריך אַריין אין פאַס מיט דעם קאָפּ אַראָפּ! — ער שטעהט. עה, חֶבְרָה, רוף איך, רוקט איהם אריין אין פאַס מיט די פיס אין דער הויך! — אַזוי האָט זיך אַ גאַנצע וואָך זיינע פיס אַרויסגעשטעקט פון פאַס אַרויס. פון דעמאָלט אָן זענען אַזוינע מַעֲשִׂיוֹת אויס! מיסקע, געדענקסט ווי אַזוי איך האָב זשערעבילען געטרונקען, האַ?

דער בעדיענער: איך געדענק, געאַכפערטער פאַן!

דער פריין: נו, אויב דו געדענקסט, טאָ דערלאַנג אונגער־וויין, נאָר ניט פאַרגיעס!

(מען לאַכט, עס קומט אַריין סטאַס באָבאַן).

---

## צווייטער אויפטריט.

(די זעלבע און סטאַס באָבאַן).

סינעלסקי: שִׁכּוֹר?

סטאַס באבאן: שִׁכּוֹר, צו ניט שִׁכּוֹר, אָבער אין גַּן־עֵדֶן וועל איך גלייך אַריין.

סינעלסקי: ווי אַזוי?

סטאַס: וועלכע עֲבֵרוֹת האָב איך דען? — איך וויים נאָר נישט: אַ קליינער געבוירען, אַ שִׁכּוֹר געשטאָרבען — גוּה, נְשָׁמָה מיינע, אין גַּן־עֵדֶן.

סינעלסקי: אוי, היינט ווערט דיר גלאַט נישט אָראָבנעהן, וואָס איז דאָס — האָסט זיך אין בלאָטע געוואַלגערט?

סטאַס: אַ קאָזאַק איז אַפילו שען אין אַ ראָגאָזשע אַליין.

די פירשטין: זינג עפּעס, קאָזאַק!

סינעלסקי: זינג! הערסט, די פירשטין אַליין פֿערלאַנגט. אָבער זעה־נור! געדענקסט?...

סטאַס (זינגט): ביי דער שענקערין, דער יודין
שוואַרצע אויגען, — ברענען, זיעדען,
און דאָס קליידעל קורץ, געפּאַרבט,
אַזש איהר חייקעל נאָך איהר שטאַרבט.

די פירשטין: איך וויל נישט קיין פֿרעהליכע ליעדער. זינג עפּעס אַ טרויעריגס, אַ וויינענדינס, אַ מוֹרא׳דיגס, עפּעס וועגען אַ מת, צו וואָס, איך וויל וויינען.

סטאַס באַבאַן: איך ווייס זעהר אַ שענע מַעֲשֶׂה מיט אַ מֵת.

די פירשטין: דערצעהל די מַעֲשֶׂה, אָבער עס זאָל זיין וואָס שרעקליכער.

סטאַס באַבאַן: אוי, איהר סטעפּעס ברייטע, לעבען פֿער־קנעכטעטעס! האָט געקאָזאַקט אין אוקראינע אַ קאָזאַק אַ וואהלער, מיט דעם נאָמען שעלודיווי בוניאַק, האָבען בוניאַקען גע׳הַרג׳עט בייזע אַכְזָרים און מ׳האָט איהם אין אַ טיעפֿען גרוב אַריינגעוואָרפֿען, האָבען זיך איבער זיין גרוב פֿערזאַמעלט זעהר פֿיעל וואָראָנעס, האָבען פֿון זיין שאַרבען אַרויסגעריסען די אויגען זיינע די קלאָרע, האָבען אויף שטיקער דאָס האַרץ דעם חוואַט צעריסען. און האָבען גענומען זיין בלוט טרינקען דאָס שוואַרצע, האָבען זיי געטרונקען ניט איין טאָג און ניט צוויי טעג, און עס נעהמט קיין סוֹף ניט, דאָס בלוט נעהמט זיך גאָר ניט אוים: עס רינט און פֿליעסט ווי אַ שטראָמיג־טייכעל. איז ביי׳ם זעלבען וועגעלע־שטעגעלע אַ הייליגער מאַן דורכגעגאַנגען, מיקאָלאַי בַּעַל־נֵס, האָט ער דערזעהן דעם גוף פֿון דעם קנעכט דעם צַדִיק, בוניאַק שעלודיווי, האָט ער פֿאַררעדט דאָס בלוט זיינס דאָס שטראָמיגע, האָט ער פֿערשאָטען אַ קֶבֶר אַ הויכען און האָט פֿערשאָלטען די שוואַרצע וואָראָנעס: דער־

פאַר, וואָס איהר, וואָראָנעס, האָט בוניאַק׳ס בלוט געטרונקען, מוזט איהר איהם פון היינט אָן מיט בלוט אָנצוטרינקען פון היינט אָן ביז אייביג אויף דור דורות.

די פירשטין: בוניאַק איז דאָך געשטאָרבען?

סטאס באבאן: בוניאַק איז געשטאָרבען, זיין האַרץ איז אָבער ניט געשטאָרבען, זיין האַרץ שפירט אַלץ וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך, ווען מען פייניגט און ווי אַזוי מען רודפט דעם אֱמֶת. יעדער נאַכט, פונקט האַלבע נאַכט, עפענט זיך אויף בוניאַק׳ס קֶבֶר און בוניאַק געהט אויף דער פרייער וועלט אַרויס. זיצט אַזוי בוניאַק אויף זיין קֶבֶר אַ שרעקליך־גרויסער, אַ ווייסער. אָנשטאָט אויגען האָט ער שוואַרצע לעכער. די הויט העננט אויף איהם ווי רימענס, און אין בויך שיטען זיך איבער און קלאַפּען די צופוילטע ביינער.

דער פירשט: כ׳לעבען אַ פרעהליכע מַעֲשֶׂה פיר אַזאַ סְעוּדָה.

די פירשטין: ענדיג, ענדיג!

סטאס באבאן: און בוניאַק זעהט אַז אַלץ פיהרט זיך נאָך אויף דער וועלט אויפ׳ן אַלטען שטיינער און ער וויינט ביטער און אויף זיין געוויין קומען צו פליהען דריי וואָראָנעס און יעדע האַלט אין שנאָבעל אַ קרוג מיט בלוט. אין ערשטען קרוג איז פויערש בלוט, כְּשֵׁרִים, אונ־שולדיג פערגאָסענעס. ווי בוניאַק טרינקט אויס דאָס דאָזיגע בלוט ווערט ער אין גאַנצען שוואַרץ און צאָרענדיג, ווי אַ חמאַרע אַ אָסיען׳דיגע, און אין צווייטען קרוג איז יודיש בלוט — ווי בוניאַק טרינקט־אויס דאָס דאָזיגע בלוט ווערט איהם ווינציג וואָס גרינגער. און ווי ער טרינקט אויס דעם דריטען קרוג הייבט ער אָן צו שיינען אין גאַנצען פאַר פרייד און לעגט זיך צוריק אין קֶבֶר אַריין ביז דער קומענדיגער נאַכט.

די פירשטין: אָבער וועמעס בלוט איז אין דריטען קרוג?

סטאס באבאן: אין דריטען קרוג איז פריציש בלוט, פוילישע בלוט...

סינעלסקי: פְּסִיאַ־קרעוו! האַלט איהם!

סטאס באבאן (לאָזט זיך שנעל צו די פעסטונגס טויערען און טרעט־אָפּ מיט אַ געשרעה): בוניאַק געהט!

---

## דריטער אויפטריט.

(אין די טויערען בעווייזט זיך מקסים קריוואנאס. נאָך איהם אַנדערע קאָזאַקען. די פריצים צולויפֿען זיך מיט קולות: קאָזאַקען! צוזאַמען מיט זיי פֿערשווינדט אויך די פירשטין).

סינעלסקי: אין הויף אַריין, מיינע הערשאַפֿט, פֿערטהיידיגען זיך!

דער פירשט: זאַיאַ! זאַיאַ! זאַיאַ! (ער ענטלויפֿט, פֿון דער דיענער־שאַפֿט בלייבט נאָר סטאַס באבאן).

סטאַס: איך בין פֿון אייערע, קאָזאַקעליך!

קריוואנאס: גוט. איז די וואַכט גרויס?

סטאַס: אַלע ליגען אָהן די אונטערשטע פּיס, שִׁכּוֹר'ן פֿון פריה־מאָרגען.

קריוואנאס: גוט, ברידער. רופֿט אהער די איבערינגע, צושיט זיך איבער'ן שלאָס, האַפּט איהר ווענען, בינדט איהם גלייך און שלעפּט איהם אהער. גריב, דו גיעב אַכטונג, אַז ביז וואָס־ווען זאָל מען קיינעם ניט הַרְג'נען.

סטאַס באבאן: מען פֿערשפאַרט דעם הויף.

קריוואנאס: הערסטו! צו די כֵּלִים, ברידער! (די קאָזאַקען ברעכע די טויערען און רייסען זיך אַריין אין הויף פֿון וואַנען עס הערען זיך קולות. די סצענע בלייבט ליידיג).

---

## פיערטער אויפֿטריט.

(דורך די פֿעסטונגס־טויערן לויפֿען אַריין די איבריגע קאָזאַקען און זיי צעשיטען זיך אויך איבער'ן שלאָס. נאָך זיי קומען די הארמאטען, צו איינעם איז רבי אהרן צוגעשמידט, צו א צווייטען קאסטרא).

גריב: זעהט, חברה! אַ ליאַך איז אונטער'ן טיש בעהאַלטען;

(מען שלעפּט־ארויס פֿון אונטערן טיש דעם פאַן סטרוס'ן. ער קוקט פריהער אויף אלעמען מיט פֿערשכור'טע אויגען, ענדליך ניכטערט ער זיך אוויגענבליק אויס).

סטרוס': אַי חלאָפּעס!

סטאַס באבאן: אַפּנים, דער שרעק בערוישט מעהר ווי דער וויין. (סטרוס'ן בינדט מען).

---

## פֿינפֿטער אויפֿטריט.

(די קאָזאקען ברענגען צושלעפּען דעם גלח בעראלדוס).

שטימען: מען האָט דעם גַלָח געפּאַקט... אין אַ הינטעשער קאָנורע! — ער איז געקומען צו זוכען הילף ביי זיין קוואַטער! —

---

## זעקסטער אויפֿטריט.

(אנדערע קאָזאקען שלעפּען דעם פּאן וויסאָצקי'ן).

גריב: אונזער גאַסט... איצט איז ער בַעַל־הַבַיִת.

וויסאצקי: פּאַניע יוריוס! פּאַן יוריוס — וואו איז? ער ווייסט אַליין... זאָל ער דערצעהלען... איך וועל געבען אויסלייזגעלד... איך האָב פֿערגראָבען אין וואַלד אַן אוֹצָר...

סטאַס באַבאַן (שלאָגט איהם איבער'ן בויך): ליינגסט! אָט וואו דו האָסט בעגראָבען דיין פֿערמעגען! וואַרט אָבער אוֹיס. דעם דאָזיגען אוֹצָר וועט מען שוין באַלד בעקומען און מען וועט עס וואַרפֿען פֿאַר שוואַרצע וואָראָנעס.

---

## זיעבעטער אויפֿטריט.

(די קאָזאַקען מיט ריאַס'ען בראש ברענגען אַ געבונדענעם דעם פּ. סינעלסקי'ן און נאָך פֿיעל אַנדערע פֿון דער וואַכט).

ריאסא: נו, פּאַניע! דערפֿאַר וואָס דו האָסט ווי אַ העלד זיך פֿערטהיידיגט, וועט דער אַטאַמאַן אַליין דיך דעם ערשטען אויפֿהענגען.

סינעלסקי: איך שפּיי דיר אין פּנים אַריין, מיאוסער פּוֹיער!

ריאסא: שפּיי ניט, פּאַניע, היט די שפּייעכץ, זי וועט דיר צו ניטץ קומען, בְּשַעַת מיר וועלען דיך בראָטען, וועלען מיר דיר קיין טרונק נישט געבען.

---

## אכטער אויפֿטריט.

(די זעלבע, און דער פֿירשט).

דער פֿירשט (לויפֿט אריין אָהן אַ אָטהעם): זאָיא! וואו איז זאָיא? מענשען! וואו איז מיין טייבעלע? איך גיעב אַוועק אַליך: מיינע

אוצרות, מיינע גיטער, דאָס בלוט פֿונ'ם האַרצען! אָ, גאָט, בעשייך איהר! (ער וויל אַוועק).

**ריאסא:** שטעה — וואוהין? דאָס ביזטו דער היענער פירשט? עס קען זעהר זיין, אַז איך וויים וואו דיין פירשטין איז.

**דער פירשט:** ווייסט? זי האָט מיך גערופען? געזוכט? זי זוכט מיך אומעדום, האַ?

**ריאסא:** און יוריוס'ן געדענקסטו?

**דער פירשט:** מיין גאָט!... אויב ער האָט זי געהרג'ט... וואַרט אַ רגע...

**ריאסא:** ער האָט זי געהרג'ט, אויב ער האָט זי געקושט ביז צום טויט.

**דער פירשט:** אַ מגפה אין דיין צונג! אַוועק! וואו איז יוריוס? (ער רייסט זיך אַוועק צו געהן, אָבער מען לאָזט איהם ניט).

**ריאסא:** אָט זעה נור. (פֿון פֿליגעל געהען-אַראָב די פירשטי און יוריוס, וועלכער האַלט זי אַרומגענומען פֿאַר דער טאַליע. זיי געהען אין דער ריכטונג צום טויער. זיי בעגלייט מאַגדוסיע).

---

## ניינטער אויפֿטריט.

(די זעלבע, די פירשטין, יוריוס און מאַגדוסיע).

**דער פירשט:** אָ, מיין גליק! זאָיאַ, דאָ בין איך! לאָזט מיך! זאָיאַ! ווער איז דער אונגליקליכער, וואָס וואַגט זיך דיך אַרומצונעהמען? וואָס בעדייט עס? מיין גאָט! קעהר זיך אום צו מיר! מיר מישט זיך אין מח!

**די פירשטין** (ווענדט זיך צו איהם): זיי מוחל... פֿערגעס מיך, זיי גליקליך... (זי זאָגט עפּיס יוריוס'ן אין אויער אַריין).

**די קאזאקען:** אָט איז אַ פֿויגעל! אָט איז אַ פערל!

**יוריוס:** ברידער! איך האָב צום אַטאַמאַן אַ בקשה. איך האָב אייך פֿיעל געדיענט און איך בין ווערט אַז מען זאָל מיר איין זאַך טהון: הרג'ט נישט דעם אַלטען, לאָזט איהם לעבען!

(יוריוס און די פירשטין געהען אַריין אין טויער)

**דער פירשט:** איך האָב מורא, איך פֿאַל אַנידער, גיעט אַהער אַ בענקעל! (סטאַס באָבאַן טראָגט איהם אַ שטוהל אונטער. אין הויף בעווייזט זיך אַ פֿלאַם)...

ריאסא: ווי עס לויפט! גיכער אין פאלאַץ. מיר וועלען אַרע ווינקעליך אַרום זוכען, (לויפט אוועק אין הויף).

---

## צעהנטער אויפטריט.

(די זעלבע אָהן ריאס'ען).

דער פירשט: אַ דאַנק דיר, פריינד! נאָך איין טובה טהו מיר. לויף נאָך איהר. זאָג איהר אַז איך בין מרוצה צו פערצייהען איהר, אַבי נור זי זאָל זיך צו מיר אומקעהרען, אָבער גיין, וואַרט־אויס! איך וועל געהן נאָך איהר אומעדום! וואוהין זי וועט געהן! זאָג איהר: איך בין אַלט. איך בין איהר ווי איינגעוואַקסען מיט דער זעלע... זאָג איהר אַז איך וויין, נו, לויף, לויף! (סטאַס באבאן געהט אוועק) אַ, אַלטקייט! האָסט ניט קיין כח ניט צו לעבען און ניט צו שטאַרבען (ער בעמערקט קאסטרא'ן) אַ, קאַסטראַ! איך געדענק! איך האָב דיר אַמאָל זעהר שטאַרק בעליידיגט, איצטער זעהסטו נקמה. מילא — פרעה זיך! ווער בין איך איצט? אַ אָרומער אָבגעלאַכטער, בעשווינדעלטער אַלטער!

קאסטרא: דו רעדסט וועגען נקמה? גאָט ווייסט דעם אמת, איך האָב טאַקי געוואָלט זיך נוקם זיין, אָבער איך קען ניט! איך זאָל נקמה זעהען, איך זאָל זיך פרעהען? איך, וואָס מיין האַרץ איז פול מיט טרויעריקייט, און פאַר פרייד איז דאָרט קיין ברעקיל אָרט נישט געבליבען? איך, וואָס מיין אונגליק איז אַזוי גרויס אויסגעוואַקסען, אַז זיין שאָטען אַליין פערדעקט מיך און דיך און די גאַנצע וועלט? דאָס, וואָס איך האָב געזעהן, זעהט מען נישט צוויי מאָל און פאַר וואָס דען זאָל איך אין דיר נקמה זעהן? דערפאַר וואָס דער מזל, טרייבענדיג אין דער וועלט אַריין, האָט דיך גלייך ווי אַלעמען פער־שאָלטען? „שטאַרב אַליין אָדער טוידט אַנדערע, לייד אַליין אָדער מאַך אַנדערע זאָלען ליידען! פערעטה אַנדערע אָדער זיי דו אַליין פער־רעטהעט!" זאָל איך דען נקמה זעהן דערפאַר וואָס דיך שמייסט איצט די זעלבע בייטש, וואָס שמייסט אונז שוין טויזענדער יאָהר? גיעב אַ קוק: אַ העליש פייער האָט אַ האַלבען הימעל אַרומגעהאַפט. דאָס שרייבט דער מזל מיט זיין בלוטיגען פינגער זיין משפט: פערשאָלטען זאָלען זיין אַלע לעבעדיגע! אונגליק די מענשען! עס איז ניטאָ אַזאַ

נאַריש גליק אויף דער וועלט וואָס זאָל זיי ניט צו שיידען מיט טויט־ליכער שׂנאָה, דער שוואַכער לעבט אין שרעק, אָבער דער גבור, דער שטאַרקסטער ציטערט אויך. האָסטו דיינע פֿריינד פֿעררעטען, וועט דיר דער שונא פֿערניכטען, האָסטו די שונאים אויסגעהרג׳ט, וועט דיך דער פֿריינד איבערנעבען. אַלע ראַנגלען זיך, קעמפֿען און מען בייט אויס צום סוף איין צָרה אויף דער צווייטער, איין קעט אויף דער צווייטער. און די גערעכטיגקייט דרעהט זיך איבער דער וועלט מיט איהר אייזערנעם ראָד און דריקט יעדען, און מעהר פֿון אַלעמען — מיין קראַנק האַרץ.

דער פירשט: ניט איין מאָל האָט זי זיך פֿאַר מיר מתודה געוועזן און איך, נאַר, האָב איהר נישט געגלויבט.

קאַסטראַ: ער איז שכּור פֿון זיין אייגענעם אונגליק, און איך האָב פֿון פֿרעמדען אונגליק זיך אויסגעניכטערט... (פויזע). אָט פֿאַר וואָס גאָט האָט אונז בעשאַפֿען אונשטערבליך! ער האָט געוואָלט דורך אונז בעריהמט מאַכען די ליידען! גרויסע ליידען פֿיהרען צו גרויסע ליעבע, ווי גרויס גליק. און אויב מיר זענען מוחל פֿרעהט זיך גאָט אין הימעל מיט זיינע מלאָכים. מיין שעה האָט שוין געשלאָגען. עס איז מקוים געוואָרען אונזער נדר, פעדראָ! איך וואַרף פֿון מיין מידע נשמה אַראָב די משׂא צרות מיינע און מיין פֿאַלק׳ס. און איך פֿיהל מיך גרינג! (ער קוקט אויף די פריצים) ווי בלאַס זיי זענען! ווי זיי ציטערען! שיק זיי צו, גאָט, אַ שטילען טויט!

סינעלסקי: גיעב, יוד, דיין האַנד! (זיי דריקען זיך שטיל איינע די אַנדערע די הענד. אין די טויערען בעווייזט זיך סטאַס באַבאַן).

---

## עלפֿטער אויפֿטריט.

(די זעלבע און סטאַס באַבאַן).

דער פירשט: זי געהט? זי קומט שוין! וואָס רעדסטו ניט?

סטאַס באַבאַן: זי איז אַוועק געגאַנגען און גאָר נישט געזאָגט.

דער פירשט: זי איז אַוועק מיט׳ן חלאָפּ? זאָ־אַ! ווער לאַכט עס? העֶר אויס. פֿריינד, לויף ניכער.. זאָג... וואוהין לויפֿט מען?.. צו וואָס? דאָס האַרץ גלויבט ניט... אָט ליעגט אַ מעסער, גיעב איהם

אַהער, פֿריינד !.. (סטאָס דערלאַנגט) ניין, איך קען ניט... די הענד דיענען ניט... (ער פֿאַלט אין שטוהל. פֿון הויף, ווּעלכער איז אַרומגענומען אין פֿלאַמען, לויפֿט אַרויס קריוואָנאָס און נאָך קאָזאַקען און טראָגען טייערע חפֿצים).

---

## צוועלפֿטער אויפֿטריט.

קריוואָנאָס: הוליעט, קינדער! טרינקט, זייט זיך משׂמח! מיר וועלען פֿון זיידענע קליידער אָנוטשעס רייסען. געלויבט זאָלען זיין די קאָזאַקען, און געבענשט די קירכע! הייבט אָן אייער געריכט! און זאָל קיין זכר ניט בלייבען פֿון לאַטיינישען גייסט! — נו, דאַרער יוד, ביזט צופֿריעדען?

קאַסטרא (מיט שרעק): אָ, איך דערקען די גרויזאַמע שמייכלען... אָ, ערבאַרעם זיך, האָב אויף זיי רחמנות!

קריוואָנאָס: דער יוד איז משוגע געוואָרען! ביזט מיר נמאס געוואָרען מיט דיין קרעהען (ער גיעט איהם אַ קלאַפּ מיט'ן קינזשאַל אין ברוסט):

רבי אהרן: ברוך דיין אמת!

קריוואָנאָס: און דו, אַלטער, האָסט אויך אויף זיי רחמנות?

רבי אהרן: איך בין צופֿריעדען, אַז די פּריצים וועלען דערגעהן ווי אַזוי דו ביזט אונטריי געבליעבען, וועלען זיי אייך שוין מעהר ניט גלויבען. נאָר עס פּאַסט נישט אויסצודריקען די שׂמחה ווען גאָט שטראָפֿט אַ מענשען.

(פֿאָרהאַנג).

---

# פֿערלאג „קולטור“.

## עס דרוקען זיך פֿאלגענדע ביכער:

1. א י ז מ א ן: דער אייזגאנג. איבערזעצט פֿון ד״ר א. מארמארעק. פרייז 10 קאפ׳.
2. י. ל. פ ר ץ: אויב נישט נאך העכער. — פרייז 3 קאפ׳.
3. י. ל. פ ר ץ: צווישען צוויי בערג. — פרייז 5 קאפ׳.
4. י. ל. פ ר ץ: די מקובלים. — פרייז 3 קאפ׳.
5. י. ל. פ ר ץ: די פֿערשטויסענע. — מענדיל בריינעס. — פרייז 5 קאפ׳.
6. פֿ י י ע ר ב ע ר ג: די קמיע, איבערזעצט פֿון י. פראפוס. — פרייז 3 קאפ׳.
7. ט א ן: אין יאפאניע, איבערזעצט פֿון ש. לעבענהארץ, — וועט ערשיינען אין העפֿטען צו 5 קאפ׳.
8. מ ו ס ק א ט ב ל י ט: איבער פֿאלקס-פֿערטרעטונג. איבערזעצט פֿון ש. לעבענהארץ.
9. ו ו ר ו ש א ס ע ק: דער סוד־המלוכה און די מערב־לענדער. איבערזעצט פֿון ל. שאפירא.

---

אלע אויסגאבען פֿון פֿערלאג „קולטור“ זענען מיט נקודות.

---

די אויבען דערמאהנטע איבערזעצונגען זענען רעדיגירט פֿון י. ח. ראווניצקי און ד״ר י. לוריא.

---

**פראספעקטען און קאטאלאגען פֿון פֿערלאג „קולטור“ ווערען ארויסגעשיקט אומזיסט.**

---

די אדרעסע פֿון פֿערלאג „קולטור“:

Издательство „КУЛЬТУРЪ“, г. г.Минскъ.

Verlag „KULTUR“, Minsk (Gouv.-Stadt) Russland.

